# דער גט

סצענעס פונ'ם אַמאָליגען יידישען לעבען

(אין 1 אַקט און 3 בילדער)

פון שָׁלוֹם־עֲלֵיכֶם.

—•—

„ביכער־פאַר־אַלע" ווארשא

ווארשא תרס"ה

דרוק י. עדעלשטיין עט קאָמפּ. נאלעווקי 38.

# ДЭРЪ ГЭТЪ,

т. е. Разводъ.

Сцѣны изъ еврейской жизни.

(въ 1-омъ дѣйствіи и 3-хъ картинахъ)

Соч. Шалемъ-Алейхема.

Изданіе „Бихеръ-фаръ-алэ" Варшава Долгая 26.

ВАРШАВА, 1905

Типографія И. Эдельштейна и Комп., Налевки 38

# די פּאַרשוינען:

שָׂרָה־חַנְצִי — „אַנ׳אֵשֶׁת חַיִל״.

רְאוּבֵן־הֶערְשׁ — איהר מאַן, אַ יוֹדֵעַ סֵפֶר.

עֶטֶ׳ל — זייער טאָכטער, אַ יונג ווייבעל.

מָאטֶ׳ל — זייער איידעם, אַ פיינער יונגערמאַנטשיק.

לֵוִי־בִנְיָמִין — אַ יונגערמאַן אַ מַשְׂכִּיל, מאָטעלס אַ חָבֵר.

רֶב שָׁלוֹם שַׁדְכָן — אַ ייד אַ שַׁדְכָן.

רֶב אָרֶקְע — דער רָב פון שטעדטעל.

פְרוּמֶע־לִיבֶע — די רֶבֶּצִין.

רֶב זְכַרְיָה — אַ כּוֹפֵר, אַ ייד מיט אַ גרינעם שאַל.

יידעל דער שַׁמָשׁ — אַ ריהרעוודיג יידעל מיט איין אויג.

צְווייי עֵדוּת

אַמְנִין יידען

די געשיכטע קומט פאָר אין אַ קליין שטעדטעל אין׳ם פאָהריגען יאָהר־הונדערט.

# דָאס עֶרְשְׁטֶע בִּילְד.

## שָׂרָה־חַנְצִי און רְאוּבֵן־הֶערְשׁ.

### I.

(אין אַ געוועגליך צימער, פשוט מעבלירט, אויף דעם אַלטען יודעשען אויפ'ן, זיטצט ביי אַ גרויסען פיערעקעבדיגען טיש אויף אַ בּיינקיל. ראובן־הערש איבער אַ ספר פון די היינטיגע ספרים, שטאַרק פערטיפט. ביי דער הרובע זיצט שׂרה־חנ'צי אונ אַרבייט אַ זאַק מיט גרויס מהירות אונ דאָס קניילבען ביימוואָל קאַטשעט זיך ביי איהרע פיס אויף דער ערד; זי איז פערטיעפט אין דער אַרבייט אונ קיקט אויף די דרעטלעך, וואָס טאַנצען אַרום אין איהרע פינגער.)

שָׂרָה־חַנְצִי. [צעהלט די אַייגְלֶעך פון זַאק] אייגס צוויי, דריי, פִּיער, פינף... רְאוּבֵן־הֶערְשׁ! זעקס, זִיעֶבּען, אַכט, נײַן, צעֶהן... רְאוּבֵן־הֶערְשׁ!

רְאוּבֵן־הֶערְשׁ. [הֵייבּט אויף דִי אויגֶען פון דֶעם סֵפֶר] האַ?

שָׂרָה־חַנְצִי. האַק דִיר אִין קאָפּ אַרײַן! צעֶהן מאָהל דאַרף מעֶן דִיך רופֶען, בִּיז דו וועֶסט זִיך אַ מאָל אָנרופֶען.

רְאוּבֵן־הֶערְשׁ. וואָס־זשעֶ אִיז דאָרטעֶן?

שָׂרָה־חַנְצִי. וואָס זאָל זײַן? גאָר נִיט! עֶר האָט זִיך אָנגעֶרעֶדט מִיט'ן געֶנײַדעֶם, מעֶ זאָל מִיך אַ לעֶבּעֶדִיגעֶ אַרײַן טרײַבּעֶן, שׂוֹנאֵי צִיוֹן, אִין דעֶר עֶרד אַרײַן—און געֶנוג.

רְאוּבֵן־הֶערְשׁ. שאַ, אַ נײַעֶס! וואָס נאָך וועֶסט דו (זִיך) אויסטראַכטעֶן?

שָׂרָה־חַנָצִי. אויסטראַכּטען? איך טראַכט זיך אוים? אַ יאָ, ראוּבן־הֶערְש? ווער איז געגעלט? דו מיט דעם
גינגיידעם דיינעם! ווער איז אַ הולטייקע? איך! ווער ווערדט אוים־
געריסען? — אויסגעריסען זאָלט איהר ווערען! — ווער פּרוירט
אַ גאַנץ טאָג אין קלייט? — אויסגעפּרויהרען זאָלט איהר ווערען
אַלע אייגציגוויים — אַלץ איך! אַלץ איך! און אַז סע קומט
צו עפּעס, בין איך די שלעכטע! גיעה, האָרעווע, קריך אין
דער ערד! — אַ שענעם כָּבוד קאָן מען זיך פון אייך דער־
לעבען, ברענען זאָלט איהר אויפ'ן פייער, ווי מיר ברענט
דאָס פָּנִים, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם! אָז טאָג ווי נאַכט ווייסט מען
נאָר זיצען, איבּיד די שענע בּיכלעך און (פּאַטשקען) אין די
גאַזעטען! און אַז איך קום פון מאַרק, קוקט מען אויף מיר,
ווי אויף דעם הונט, און מע סוד'ט זיך מיט דעם ווייב און מע
שושקעט זיך מיט איהר — שו־שו־שו, שו־שו־שו. . . וואָס שושקעט
ער זיך מיט איהר? האַ? דו מיינסט, איך ווייס ניט, אַז ער
רעדט פון מיר? האָבט מוֹרָא איך הער ניט? וואָס פאַר סודות
איז דאָ פאַר אַ שווינגער? איך פרעג דיך, וואָס האָט זיך אַנ'איידעם
צו בעהאַלטען פון אַ שווינגער? רְאוּבֵן־הֶערְש? רְאוּבֵן־הֶערְש!
(מיט אַ קװעטש) רְאוּבֵן־הֶ־ע־רְ־ש!

רְאוּבֵן־הֶערְש. (חאַפּט זיך אויף) האַ?

שָׂרָה־חַנָצִי. האַק דיר אין מוֹחַ! איך רעד און רעד, ווער
צע־זעצט רעדענדיג, און ער „האַקעט" און
„האַקעט", גלייך ווי אַ הונד בילט! אין מיר ווערדט מיין גאַל
צע־פלאַצט, מיין בלוט ווערדט איבער־געזאָדען, ווי אַנ'אָקריפּ—
און „ער" זיצט זיך מיט אַ גלאַטען לונג און לעבער איבער די
ספרים'לעך און איך האַווקע און האַווקע, טאָמער ווייסט דו
וואָס? אַ פָּנִים די ספרים'לעך זענען ביי דיר טהייערער פון'ם
ווייב? דאָס איז דאָך אין גאַנצען דיין חַיוֹת! און ווער פאָהרט

אויף יאַריד? — שָׂרָה־חַנְצִי; ווער וואַרגט זיך מיט אַ קאַרטאָפלע פאַר אַ גאַנצען טאָג? — דערוואָרגען זאָלסט דו ווערען, ליעבער גאָט! — שָׂרָה־חַנְצִי! ס'זאָל איהם אָנהויבען אַ שטייגער אַרען וואָס דער שיינער געניידעם זיינער, ברענען זאָל ער, פּאַטשקעט מיך אויף די גאַזעטען... רְאוּבֵן־הֶערְש! [בּייגט זיך אָן צו איהם, אין אויהער אַריין] רְאוּבֵן־הֶערְשׁ! רְאוּבֵן־הֶערְשׁ! רְאוּבֵן־הֶערְשׁ!

רְאוּבֵן־הֶערְשׁ. [רייסט זיך אָפּ פונ'ם סֵפֶר] האַ? האַ? האַ? האַ?

שָׂרָה־חַנְצִי. קוק אָן אַבּיסעל אַ האַקען — האַק דיר אין מֹחַ! איך רעד פון דיין תַּכְשִׁיט, פון'ם געניידעם דיינעם רעד איך, פערהאַפט זאָל ער ווערען!

רְאוּבֵן־הֶערְשׁ. וואָס האָסט דו צו איהם? וואָס האָט ער דיר געטהון?

שָׂרָה־חַנְצִי. וואָס האָסט דו געוואָלט זאָל ער מיר טהון? ער זאָל מיך שלאָגען? ס'איז גענוג דאָס וואָס ער באַשרייבּט מיך אויף די גאַזעטען?

רְאוּבֵן־הֶערְשׁ. ווער האָט דיר געזאָגט אַז ער באַשרייבּט דיך אויף די גאַזעטען?

שָׂרָה־חַנְצִי. וואָס דען ליגט ער טאָג ווי נאַכט ביי לאָה דוואָסים, געניידעמיל, וואָס שרייבּט אין אַלע בלעטער? צענויפגעקאָמפּאַניעט זיך מיט אַ שאַרלאַטאַן אַ שרייבער און נאָר מע לאַכט און נאָר מע ראָהאָטשעט זיך, און אַז מע דערזעהט מיך, ווערד מען אַנשטומט, שטום און קרום זאָלען זיי ווערען פאַר כָּל־יִשְׂרָאֵל!

רְאוּבֵן־הֶערְשׁ. כלעבּען דו טשעפּעסט זיך אומזיסט. מאָטעל איז אַ יונגערמאַן אַ גאָלד! אַזאַ יאָהר אויף מיר.

שָׂרָה־חַנְצִי. אָמֵן, אַזאַ יאָהר אויף אייך בּיידען!

רְאוּבֵן־הֶערְשׁ. ער איז אַ יונגערמאַן, וואָס קאָן גוט לערנען און ליינען און שרייבּען און... און... און...

שָׂרָה־חַנְצִי. אוּנ... אוּנ... אוּנ!... אִיך דַארף נִיט הָאבֶּען קֵיין שרייבער, וואָס זאָל מִיך בַּאשרייבֶּען! בַּאלִיאַפּעֶן!

רְאוּבֵן־הֶערְש. טשעֶפּעֶ זִיך אָפּ, עֶר הָאט דִיך נִיט אַפִילוּ אִין זִינגעֶן!

שָׂרָה־חַנְצִי. וואָס אִיז! ס'שטעֶהט אִיהם אֶפְשֶׁר נִיט אָן? אִיך דַארף אוֹיף כַּפָּרוֹת אַנ'אַיידעֶם וואָס קָאן צוּפִּיעֶל אוּנ פַּארשטעֶהט צוּפִּיעֶל אוּנ ווייסט צוּפִּיעֶל!

רְאוּבֵן־הֶערְש. וואָס־זשעֶ אַרט עֶס דִיך, אַז עֶר קָאן צוּפִּיעֶל אוּנ פַּארשטעֶהט צוּ פִּיעֶל אוּנ ווייסט צוּפִּיעֶל?

שָׂרָה־חַנְצִי. אַרעֶן אַרט מִיך נִיט; לאָז עֶר זִיך אָנצִינדעֶן! אַבִּי עֶר זאָל מִיך לאָזעֶן צוּרוּה. נִיט פַּאטשקעֶן מִיך אוֹיף דִי גַאזעֶטעֶן!

רְאוּבֵן־הֶערְש. ווער הָאט דִיר געֶזאָגט אַז עֶר פַּאטשקעֶט דִיך אוֹיף דִי גַאזעֶטעֶן?

שָׂרָה־חַנְצִי. וואָס דעֶן טהוּט עֶר טאָג ווִי נאַכט בַּיי לאָה דוואָסִים געֶנעֶדעֶמִיל, וואָס אַלעֶ ווייסעֶן, אַז עֶר פַּאטשקעֶט אוֹיף דִי קְרוֹיטבּלעֶטלעֶך, מיין אִיך אוֹיף דִי גַאזעֶטעֶן?

רְאוּבֵן־הֶערְש. [אַרוֹיס פוּן דִי כֵּלִים] אַ מַעֲשֶׂה אָהן אַנ'עֶק מִיט דִיר! עֶס ווָאלט טַאקִי נעֶוועֶן אַ מִצְוָה כּ'לעֶבֶּען, מעֶ זאָל דִיך טַאקִי בַּאשרייבֶּען אִין דִי גַאזעֶטעֶן, אוּנ גוּט בַּאשרייבֶּען, אַזוֹי אַז דוּ זאָלסט הָאבֶּען צוּ זִינגעֶן אוּנ צוּ זאָגעֶן!

שָׂרָה־חַנְצִי. [רוֹיט פַאר כַּעַס] נִיט דעֶרלעֶבּען וועֶט אִיהר דאָס בּיידעֶ! נאַ דִיר אַ מַתָּנָה! [טְרָאגְט אִיהם אוּנְטָער אַ פַייג].

רְאוּבֵן־הֶערְש. עֶס געֶזוּנד! [נֶעמְט דֶעם סֵפֶר אוּנְטָער דֶער הַאנְד אוּנ גֶעהט אַוֶועק, טְהוּט אַ זָעץ מִיט דֶער טִיהר. פוּנ'ם אַנְדֶערְן חֵדֶר לוֹיפְט אַריין עֶטֶ'ל].

---

## 2.

# שָׂרָה־חַנְצִי אוּנ עֶטֶ׳ל.

עֶטֶ׳ל. (אִיבֶּערְגֶעשְׁרָאקֶען) וואָס אִיז דעֶר טאַטעֶ אַזוֹי אִין כַּעַס?
שָׂרָה־חַנְצִי. ווייסט אִיהם דעֶר שׁוואַרצעֶר יאָהר! דוּ קעֶנסט אִיהם נִיט דעֶם כֹּהֵן? עֶר ווִיל נִיט לַייִדעֶן לְמַאי דיַין מאָטעֶל אִיז גֶפֶּשׁ־אַחַת מִיט דעֶם שאַרלאַטאַן.
עֶטֶ׳ל. מִיט וואָסעֶר שאַרלאַטאַן?
שָׂרָה־חַנְצִי. אָט מִיט לאָה דוואָסִים נעֶגיַידעֶמעֶל, מִיט לֵוִי־בִּנְיָמִינְ׳עֶן.
עֶטֶ׳ל. מִיט וואָס אִיז לֵוִי־בִּנְיָמִין אַ שאַרלאַטאַן?
שָׂרָה־חַנְצִי. אִיך ווייס מִיט וואָס? עֶר ווִיל נִיט, דעֶר טאַטעֶ דיַינעֶר, אַז דיַין מאַנן זאָל זיַין באַקעֶנט מִיט אַ שְׁלִים מַזָל, וואָס פּאַטשקעֶט אוֹיף דִי קרוֹיטבּלעֶטלעֶך, שריַיבּט אוֹיף דִי גאַזעֶטעֶן מיַין אִיך... עֶר ווִיל נִיט לַייִדעֶן, דעֶר טאַטעֶ דיַינעֶר, וואָס דִי שטאָט האַלט דִיך אִין מוֹיל, דִיך אוּנ דיַין מאַן.
עֶטֶ׳ל. מיַין מאָטלעֶן?
שָׂרָה־חַנְצִי. דיַין מאָטלעֶן! וואָס מיַינסט דוּ אִיז דיַין מאָטעֶל? אַ בָּשָׂר וְדָם גליַיך מִיט אַלעֶ.
עֶטֶ׳ל. וואָס־זשעֶ זאָגט מעֶן אוֹיף מיַין מאָטלעֶן?
שָׂרָה־חַנְצִי. מעֶ זאָגט... וואָס אַ שטאָדט קאָן זאָגעֶן! מעֶ שמוּעֶסט אַז עֶר לִיגט טאָג ווִי נאַכט בּיַי לאָה דוואָסעֶ׳ן נִישט אַזוֹי צוּלִיעב דעֶם אַיידעֶם, ווִי צוּלִיעב עֶמִיצעֶן אַנדעֶרש.
עֶטֶ׳ל. (אוֹיפגֶערעֶגט) לְמָשָׁל צוּלִיעב וועֶמעֶן?

שָׂרָה־חַנְצִי. איך ווייס צוליעב ווֶעמֶען? ווייסט זיי דער רוּחַ
אַלעֶמֶען!

עֶטָ׳ל. [לַאכְט מִיט „עֶשְׁטְשֶׁערֶקֶעס] חַא־חַא־חַא! לײַדִינגגעהערֶס,
פּוּסטעֶפּאַסנִיקֶעס, רְכִילוּת׳נִיקֶעס! האָבֶּען שוין נִיט
וואָס אויסצוּטראַכטֶען!

שָׂרָה־חַנְצִי. אַז מֶע קלִינגט אִיז אַ חָגָה... ווֶענט האָבֶּען
אויהרֶען, גַאסֶען האָבֶּען אויגֶען!...

עֶטָ׳ל. [אויסֶערזִיךְ] העֶרסט דוּ, מַאמֶע, אָט דִי וואָס זיי קאָנֶען
זאָגֶען אַזאַ זאַך מעֶג זיךְ זיי שטעֶלֶען דאָס מויל אויף
אַ זײַט! אַ חִדוּשׁ אִיז מִיר נאָר אויף דִיר, מַאמֶע, אַז דוּ
זאָלסט קאָנֶען גלויבּעֶן אַ זעֶלבֶּעס אויף מײַן מאָטעֶלֶען...

שָׂרָה־חַנְצִי. זעֶה נאָר, ווִי זִי פַּארצִיהט אִיהם אַבִּיסעֶל אויף
אַ שטרִיקֶעלֶע: מ אָ ט עֶ ל עֶ! מאָ־טעֶ־לעֶ! וואָס אִיז
דאָרט אַזעֶלבֶּעס? דוּ מײנסט, אַז עֶר געֶהט טאַקעֶ אוּם נאָך
דִיר, טאָכטעֶר, אַזוֹי ווִי דוּ נאָך אִיהם?

עֶטָ׳ל. מַאמֶע, דוּ האָסט אִין אִיהם אַ גרוֹיסעֶן טָעוּת, מַאמֶע!
דוּ קעֶנסט אִיהם נִיט! עֶר אִיז...

שָׂרָה־חַנְצִי. אַזוֹי? הײסט דאָס, ווײסט דוּ מעֶהר פוּן מִיר?
גוּטעֶ יאָהרֶען! אַז אָך אוּנ ווֶעה דעֶר מַאמֶע!
נִיטאָ וואָס צוּ רעֶדֶען! מײַן טאָכטעֶר ווײסט מעֶהר פוּן מִיר;
זִי אִיז דִי חֲכָמָה; זִי ווײסט אַלעֶס; נאָר אִיךְ ווײס גאָר נִיט;
אִיךְ בִּין דעֶר נַארר; אִיךְ בִּין דִי בְּהֵמָה...

עֶטָ׳ל. ווער זאָגט דעֶן, מַאמֶע? אִיךְ זאָג נאָר, אַז אַזאַ
יוּנגעֶר מַאנן, ווִי מײַן מאָטעֶל...

שָׂרָה־חַנְצִי. [נֶעמְט דִי הֶענְד פָּאדְבָּאָקאם] נוּ?

עֶטָ׳ל. אַזא יוּנגעֶרמַאן, ווִי מײַן מאָטעֶל, דאַרף מעֶן אוּם־
פָאהרעֶן דִי גַאנצעֶ ווֶעלט. ווֶעט מעֶן נִישט געֶפִינֶען...

שָׂרָה־חַנְצִי. [קַאטְשֶׁעט זִיךְ] חַא־חַא־חַא־חַא־חַא־חַא־חַא! אַזוֹי?

דאָס האָט „ער" דיר אַזוי אײַנגערעדט ? אַ יאָ ? נו גלייב איהם, טאָכטער ! ער האָט דיר אֶפְשֶׁר געשוואָהרען אויך ? חאַ-חאַ-חאַ-חאַ ! האָסט זיך אין איהם אַבּיסעל צופיעל אײַנגעגלויבּט ; פֿיהרט ער דיך בּײַ דער נאָז ; ווען דו זאָלסט זיך צו איהם אַזוי צו-קוקען, ווי איך קוק זיך צו, וואָלסט דו אֶפְשֶׁר אויך געזעהן דאָס, וואָס איך זעה.

עֶטֶ׳ל. וואָס זעהסט דו אויף איהם אַזעלכעס, מאַמע ?

שָׂרָה־חַנְצִי. איך זעה ? — הַלְוַאי וואָלט קיינער ניט זעהן ! מע זעהט שוין !

עֶטֶ׳ל. [דערשראָקען] וואָס זעהט מען ? ווער זעהט ? וואָס האָט מען געזעהן ?

שָׂרָה־חַנְצִי. מע האָט געזעהן דאָס, וואָס קיינער דאַרף ניט זעהן.

עֶטֶ׳ל. [צאַפּלט] מאַמעניו ! האַרצעניו ! ליובעניו ! איך בּעט דיך, זאָג מיר, וואָס האָט מען געזעהן ?

שָׂרָה־חַנְצִי. אַזוי ? ווילסט דו טאַקע, אַז איך זאָל דיר זאָגען ?
אַ שענער כָּבוֹד פֿאַר דער מאַמע דײַנער, לאָזען דיר אַנדערע זאָגען, טאָכטער מײַנע !

עֶטֶ׳ל. [וויינט] דו מוטשעסט מיך, מאַמע ! איך בּעט דיך, זאָג מיר, חאָטש איין וואָרט, חאָטש אַ האַלבּ וואָרט, איך בּעט דיך, מאַמעניו ! האַרצעניו ! נְשָׁמָהניו !

שָׂרָה־חַנְצִי. וואָס זאָל איך דיר זאָגען, וואָס ? וואָס האָסטו דו זיך צו-געטשעפּעט צו מיר ? גיה, לאָז „ער" דיר זאָגען ; וואָהין געהט ער אַלע טאָג נאָכ׳ן דאַווענען ?

עֶטֶ׳ל. וואָס הייסט וואָהין ? צו לֵוִי בִּנְיָמִין, צו לאָה דוואָסי׳ס אײדעם, דאָרט לערנען זיי צוזאַמען, לייענען גאַזעטען ...

שָׂרָה־חַנְצִי. חאַ-חאַ-חאַ ! אַזוי טאַקע ? ווער האָט דיר געזאָגט.

מע לערענט דארט אינאײנעם און מע לײענט גאַזעטען?!

עטל. וואָס זשע דען טהון זײ? אַדרבה, זאָג מאַמע, לאָם איך אויך וויסען!

שרה־חנצי. פון וואַנען זאָל איך וויסען? איך גײה איהם נאָך, צי וואָס? איך האָב מעהר נישט, וואָס צו טהון, נאָר נאָכקוקען דעם געגנײדעם מײנעם, וואָהין ער געהט. איך זאָג דיר! פראָמענע מעג ער געהן ניט נאָר צו לאָה דוואָסי'ס טאָכטער, אַפילו אין דער ערד אַרײַן, האַרט מיך אויך ניט, אַבי מיר און מײַן קינד זאָל ניט שאַדען!

עטל. מאַמע! דו ווײסט גאָר ניט וואָס דו רעדסט! וואָס יענער וועט די דערצעהלען פּזמונות נעכטיגע טעג...

שרה־חנצי. [מיט פײער] הער נאָר, טאָכטער מײנע, שוין לאַנג בּיסט דו געוואָהרען אַזאַ פרעסטאַרעץ, וואָס דו דערצעהלסט מיר מעשׂיות? וואָס מאַכסט דו מיר אַוועק מיט דער האַנט, פּזמונות! איך דאַרף זיך בײַ קײנעם ניט נאָך פרעגען; איך פרעג נישט בײַ קײנעם, מע קומט צו מיר אין קלײט אַרײַן און מע דערצעהלט מיר, זאָל איך מיר פאַרשטעלען די אויהרען? מאָהל דיר אַז אָך און וועה איז מיר, אַז איך זײַן און הער אוים אָט די אַלע שענע מעשׂיות; איך בּין דאָך מעהר נישט ווי אַ מענטש, נו אַ מאַמע איז מסתמא נישט אײַנגענומען, אַז מע רעדט אויף איהר קינד; יענעם די מויל פאַרשטעלען קאָן איך ניט און געהן זיך אָפּ קריגען מיט יעדען בּעזונדער בּין איך אויך ניט משה־מחויב, ווי זאָגט מען: „שנײַץ די נאָז און שמיר דעם פּנים”.. ס'איז מיר אַוודאי גוט, זאָג איך דיר!

עטל. [אויפּער זיך] עמיצער האָט דיר אויסגעקלערט אַ נעכטיגען טאָג, אַוודאי אַ שונא מײנער, און דו גלויבסט!

שָׂרָה־חַנְצִי. [הַייס] אויסגעֶקלעֶהרט? אַ שׂוֹנֵא? אָ, כָּשֵׁרָה בְּהֵמָה׳לעֶ! געָה, העֶר, וואָס מעֶ רעֶדט אויף דעֶר גאַס, אִין אַלעֶ הַיזעֶר! דִי גאַנצעֶ שטאָדט האָט צוּ טהוּן מִיט מִיר — זאָגט זִי אַ שׂוֹנֵא! מִיר לִיגעֶן בַּיַ יעֶדעֶן אִין מוֹיל, קִינד אוּנ קַיִט וויַיסט פוּנ׳ם סוֹד; יעֶדעֶר בּעֶזוּנדעֶר ווײַזט אויף מִיר אָן מִיט׳ן פִינגעֶר, אוּנ אִין שוּל העֶר אִיך אוּנטעֶר מַיַנעֶ פּלײַצעֶס, ווִי מעֶ שוּשקעֶט זַאך אוּנ מעֶ לאַכט — אוּנ זִי זאָגט מִיר, אַז עֶמִיצעֶר האָט אויסגעֶטראַכט! יעֶנעֶר העֶנגט זִיך לאָה דוואָסִי׳ס טעֶכטעֶרִיל אויפ׳ן האַלז, אוּנ זִי זאָגט אויסגעֶטראַכט!

יֶעֶטֶ׳ל. [ווײנט] ס׳אַלִיגעֶן, מאַמעֶ, ס׳אַלִיגעֶן! ס׳אַלִיגעֶן!

---

### 4.

## דִי זֶעלְבֶּע אוּנ מָאטֶ׳ל.

מָאטֶ׳ל. [לויפט אַריין אַ דֶערשְׁרָאקעֶנעֶר] וואָס אִיז? וואָס שרײַכט דוּ, עֶטעֶלעֶ? דוּ ווײנסט? וואָס ווײנסט דוּ, עֶטעֶלעֶ?

[נעֶמט זִי אָן בַּיי דֶער האַנד, קוקט בּייז אויף דֶער שְׁוִויגעֶר].

שָׂרָה־חַנְצִי. [שְׁטעֶהט אויף] קוּק אִיהם אָן אַבִּיסעֶל, ווִי עֶר מאַכט דעֶם אָנשטעֶל; אַ נעֶבעֶכעֶל; גאָט דִי נְשָׁמָה שוּלדִיג... געֶמאַכט אַ תֵּל פוּן מײַן קִינד, אַוועֶק־געֶקוילעֶט, אַראָפּ געֶנוּמעֶן דעֶם קאָפּ — אוּנ האָט אַ „פּאָטעֶפּאַלנעֶסט" פרעֶגעֶן, וואָס זִי ווײנט?! רוֹצֵחַ! קוילעֶר! מַלְאַךְ הַמָּוֶת אײנעֶר! זאָג מִיר, מִיט וואָס אָטוועֶטשאַיעֶסט דוּ מִיר פאַר מײַן קִינד, פאַר מײַן קִינד, פאַר מײַן אוֹיג אִין קאָפּ? ווײַן, טאָכטעֶר, ווײַן! וועֶה אִיז דעֶר מאַמעֶ דײַנעֶר! [חַאפּט דִי אַרבּייט, נֶעהט אַרוֹיס אוּנ טְהוּט אַ קְלַאפּ מִיט דֶער טְהִיר].

---

5.

# מָאטֶ'ל און עֶטֶ'ל.

מָאטֶ'ל. [נֶעמְט אָן עֶטְלֶען בַּיי בֵּיידֶע הֶענְד און ווִיל אִיהר גֶעבֶּען אַ קוּשׁ; זִי לָאזְט זִיךְ נִיט אוּנ הֶערְט נִיט אוֹיף צוּ וויינֶען] עֶטֶעלֶע! טהַייעֶרֶע מֵייַנֶע! זָאג מִיר, וואָס אִיז דאָ אַזֶעלכֶעס? וואָס ווייַנסט דוּ? אִיךְ בֶּעט דִיךְ, נְשָׁמָה מֵייַנֶע! זָאג מִיר! נוּ, זָאג חאָטש אֵיין וואָרט! חאָטש אֵיין וואָרט!

עֶטֶ'ל. [צוּגֶעהִט זִיךְ פַאר גֶעוויין] אוֹי, לָאז מִיךְ! לָאז מִיךְ! אוֹי, גֶעה אַוועֶק פוּן מִיר! אַוועֶק! אַוועֶק! אַוועֶק! [שְׁטוּפְּט אִיהם אָפּ פוּן זִיךְ]

מָאטֶ'ל. [טְרֶעט אָפּ אַבִּיסֶעל; בְּלַייבְּט שְׁטֶעהן; לָאזְט אַרָאפּ דִי קָאפּ; לֶייגְט צוּנוֹיף דִי הֶענְד אוּנ בְּלַייבְּט אִיןְ אַ טְרַאגִישֶׁער פָּאזֶע] רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם! רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם? [גֶעהט צוּ נֶעהְנְטֶער צוּם ווייב] עֶטֶ'ל! עֶטֶ'ל! האָב רַחֲמָנוּת!... עֶס ווייַזט אוֹיס אַז דִי שווִיגֶער האָט זוֹין ווִידֶער אָנגֶערֶדט אוֹיף מִיר... עֶטֶ'ל! לָמַאי זאָלסט דוּ פוּן מִיר פַארבאָרגֶען, עֶרשט נעֶכְטֶען האָסט דוּ מִיר גֶעשׁוואָהרֶען, אַז וואָס מֶע ווֶעט דִיר זאָגֶען, ווֶעסט דוּ מִיר באַלד דֶערצֶעהלֶען... אַז דוּ ווֶעסט שׁוֹין מֶעהר קֵיין שלֶעכְטֶס אוֹיף מִיר נִישט גלוֹיבֶען... אַז צווִישֶׁען אוּנז ווֶעט תָּמִיד זַיין אַ הֵיילִיגֶע לִיעבֶּע אוֹיף אֵייבִּיג... אוּנ אַצוּנד, מֵיין טהַייעֶרֶע, שטֶעה אִיךְ פַאר דִיר אוּנ בֶּעט רַחֲמִים, זאָלסט חאָטש אֵיין קוּק טהוּן אוֹיף מִיר, חאָטש אֵיין וואָרט מִיר זאָגען, ווִילסט דוּ נִישט, עֶטֶ'ל! וואוּ זֶענֶען דֵייַנֶע שְׁבוּעוֹת? וואוּ זֶענֶען דֵייַנֶע נעֶכְטִיגֶע הַבְטָחוֹת, עֶטֶ'ל? [עֶר הַאפְּט זִי אַרוּם אוּנ טְהוּט זִי אַ קוּשׁ; זִי רַייסְט זִיךְ אוֹיס פוּן זֵיינֶע הֶענְד מִיט כַּעַס].

עֶטֶ׳ל. אַוועֶק! אַוועֶק צוּ לָאה דוואָבִי׳ס טעֶבֿטעֶרעֶל! אַוועֶק
פוּן מיַינעֶ אוֹיגעֶן!

מָאטֶל. [פֶערְשְׁטוֹינְט] צוּ לָאה דוואָסִי׳ס טעֶבֿטעֶרִיל? וואָס הייסט
דאָס אוּנ וואָס בּעֶדייַט עֶס? וואָס אִיז דאָס פַאר
אַ נייַעֶס, האַ?

עֶטֶ׳ל. [מִיט הַארְץ] אַ נייַעֶס, זאָגסט דוּ? געֲה, העֶר, וואָס די
שטאָדט רעֶדט!

מָאטֶ׳ל. די שטאָדט רעֶדט! וואָס רעֶדט די שטאָדט? אַדְרַבָּה,
לאָם אִיך אוֹיך וויסעֶן?

עֶטֶ׳ל. דוּ פֿרעֶגסט נאָך? האַ? וואָס געֲהסט דוּ אַהִין אַללעֶ
טאָג? דוּ מייַנסט, דוּ נאַרסט מִיך אָפּ? מייַן נִיט,
אַז אִיך בִּין אַזאַ נאַרר, ווי דוּ מייַנסט; אָ, אִיך ווייַס שוֹין!
אִיך ווייַס שוֹין! צוּ לֵוִי־בִּנְיָמִינְ׳עֶן געֲהסט דוּ? אַיאָ? צוּ אִיהר,
צוּ לָאה דוואָסִי׳ס ק ר אַ ס אַ ו ו י צ עֶ מִיט דעֶר רוֹיטעֶר נאָז...
אָ אָ אָ!!! [זִי רַייסְט אוֹיף זִיךְ דִי הָאר אוּנ אִיז אוֹיסֶער זִיךְ].

מָאטֶ׳ל. [חַאפְּט זִי אָן בַּיי דִי הָענְד; נֶעמְט זִי אַרוּם מִיט הֵייסֶע פְלַאם־פַייעֶרְדִיגֶע
קוּש] עֶט׳ל! ליוּבּעֶניוּ! וואָס רעֶדסט דו? אִיך? אִיך?
צוּ לָאה דוואָסִי׳ס טאָכֿטעֶר? צוּ אָט דעֶר דאָזִיגעֶר? אִיך ווּעֶל
דִיך פֿאַרבּייַטעֶן אוֹיף לָאה דוואָסִי׳ס טאָכֿטעֶר? דִיךְ? מייַן
קעֶצעֶלעֶ? מייַן נְשָׁמָה? מייַן לעֶבּעֶן? מייַן...? אִיך...? אָ, אִיך
ווייַס שוֹין פֿוּן וועֶמעֶן דאָס וואַקסט! אִיך ווייַס שוֹין! דאָס האָט
זִי אוֹיסגעֶטראַכֿט! זִי! די שווִיגעֶר? יאָ, אִיך ווייַס שוֹין! אִיך
ווייַס שוֹין, אָ, זִי ווִיל אוּנז צעֶשייַדעֶן! זִי ווִיל מִיך אִין דעֶר
עֶרד אַריַין טרייַבּעֶן אַ לעֶבּעֶדִיגעֶן! זִי האָט זִיך געֶנוּמעֶן אוֹיף
מִיר! עֶרשט הייַנט אִין דעֶר פֿרִיה האָט זִי מִיר דעֶרצעֶהלט
אוּנ אָנגעֶרעֶדט אוֹיף דִיר כָּל הַצָּרוֹת! אַז דוּ האָסט זִיךְ אִיהר
נעֶקלאָגט אוֹיף מִיר; אַז דוּ קאָנסט מִיך נִיט אָנקוּקעֶן, אַז
לֵוִי־בִּנְיָמִין האָט אַ שעֶן קוֹל אוּנ קאָן זִינגעֶן אוּנ אִיך נִיט; אַז

לֵוִי־בִּנְיָמִין... נאָר אִיך גלויבּ נִיט, אוּנ דוּ גלויבּסט! אִיך זשאַלֶעווע דִיךְ, אוּנ דוּ מִיךְ נִיט; אִיך האָבּ דִיךְ לִיעבּ אוּנ בִּין דִיר געטריַי בִּיז לֶעצט, אוּנ דוּ האָסט אַפִּילוּ קֵיין קאַפּ רַחֲמָנוּת נִיט אוֹיף מִיר!... דוּ האָסט מִיר געגעבען אַ שְׁבוּעָה, אַז דוּ וועסט מִיךְ אֵייבִּיג לִיעבּ האָבּען, תָּמִיד גלויבּען; צוּם סוֹף ווִילסט דוּ אַפִּילוּ אוֹיף מִיר קֵיין קוּק נִיט טוּהן... אָ! אִיך בִּין דער אוּמגלִיקלִיכסטער מענטש אוֹיף דער וועלט!!! [פַאלְט אוֹיף אַ בֵּיינקֶעל אוּנ וַויינְט].

עֶטֶ׳ל. [גֵעהט צוּ אִיהם אוּנ וויל אִיהם טְהוּן אַ קוּשׁ; עֶר לָאזְט זִיךְ נִיט] מאָטעלע! גאָט אִיז מִיט דִיר! טוּה אוֹיף מִיר אַ קוּק דאָס בִּין אִיך! דוּ ווִילסט מִיךְ נִיט? מאָטעלע! מאָטעלע!

מָאטֶ׳ל. [פַאלְט אִיהר אוֹיף דֶעם הַאלְז] עֶטעלע!...

עֶטֶ׳ל. [מֶע קוּשְׁט זִיךְ] מאָטעלע!..

מָאטֶ׳ל. [קוּשֶׁענְדִיג] קֶעצעלע!

עֶטֶ׳ל. [קוּשֶׁענְדִיג] קאָטעקעל!

מָאטֶ׳ל. [קוּשְׁט זִי] נְשָׁמָה מֵיינע!

עֶטֶ׳ל. [קוּשְׁט אִיהם] לעבען מֵיינס!

מָאטֶ׳ל. [קוּשְׁט זִי] מֵיין ענגעל:

עֶטֶ׳ל. [קוּשְׁט אִיהם] מֵיין הַארץ!

מָאטֶ׳ל. אוּנ דוּ האָסט זִיךְ אוֹיף מִיר אַזעלכֶעס געגלויבּט, האַ?

עֶטֶ׳ל. אָ, זַיי מִיר מוֹחֵל, מאָטעלע! דאָס לעצטע מאָהל!

מָאטֶ׳ל. זעה־שע, עטעלע, דאָס לעצטע מאָהל!

עֶטֶ׳ל. דאָס לעצטע מאָל! דאָס לעצטע מאָל!

מָאטֶ׳ל. שווער מִיר!

עֶטֶ׳ל. אִיך שווער דִיר!

מָאטֶ׳ל. בַּיי דֵיין לעבען!

עֶטֶ׳ל. בַּיי מֵיין לעבען!

# דָאס צְוֵוייטֶע בִּילְד.

## רְאוּבֵן־הֶערְשׁ אונ ר׳ שָׁלוֹם שַׁדְכָן.

### I.

(רְאוּבֵן־הֶערשׁ זִיצְט אִיבֶּער אַ סֵפֶר אִין דֶעם זֶעלְבֶּען צִימֶער אונ אִיז צֶעקָאכְט.
ר׳ שָׁלוֹם שַׁדְכָן קוּקְט אִיהם גְלַייךְ אִין דִי אוֹיגֶען אַרַיין.)

ר׳ שָׁלוֹם שַׁדְכָן. וואָס זֶענט אִיהר אַזוֹי צֶעטְראָגֶען וואָס? מֵילָא וואָס סֶע מאַכְט זִיךְ וואָס? אייַער טאָכְטֶער אִיז נִיט דִי עֶרשטֶע אִיז זִי! אִיהר האָט מוֹרָא האָט אִיהר, זִי וועֶט נִישְׁט קְרִיגֶען קֵיין אַנדֶערֶען וועֶט זִי? בְּראָד אִיז נִיט אוֹיסגֶעשְׁטאָרבֶּען בְּראָד!

רְאוּבֵן־הֶערְשׁ. וואָס רעֶדְט אִיהר? אִיהר ווִילְט מִיר אייַנרעֶדֶען אַ קִינד אִין בּוֹיךְ? מאָט׳ל אִיז אַ זֶעלטֶענֶער יוּנגעֶר־מאַן; אַ זֶעלטֶען קִינד, חלֶעבֶּען, אַ זֶעלטֶען קִינד!

ר׳ שָׁלוֹם שַׁדְכָן. נוּ, וועֶר זאָגְט דעֶן וועֶר? עֶר אִיז אַוַדַאי נִישְׁט קָשֶׁה פוּן אַ יוּנגעֶר־מאַן אִיז עֶר; נאָר מִסְתָּמָא אִיז דאָס נִיט אִיהר זִיווּג מִסְתָּמָא...

רְאוּבֵן־הֶערְשׁ. נִישְׁט אִיהר זִיווּג, זאָגְט אִיהר? וואָס אִיז? וואָס גְעהט אִיהם אָפּ? אִיךְ פְרעֶג אייַךְ ר׳ שָׁלוֹם, מִיט וואָס אִיז דאָס נִישְׁט גלייַך? אַדְרַבָּה זאָגְט אִיהר אַלייֵן. [רוּקְט זִיךְ צוּ צוּ אִיהם].

ר׳ שָׁלוֹם שַׁדְכָן. [רוּקְט זִיךְ אָפּ] וואָס קאָן אִיךְ זאָגֶען וואָס?

גוט איז דער מזווג זיווגים איז ער; וואס קאן וויסען א מענטש, וואס?

ראובן־הערש. [חאפט אן ר׳ שלום׳ן פאר די לאצען און טרייסעלט איהם] גאט איז מזווג זיווגים זאגט איהר? איהר קאנט מיר אזעלכעס זאגען? איהר ווייסט דאך יא, וואס דא טהוט זיך, און ווילט מיך אפ נארען? מיך???

ר׳ שלום שדכן. [רייסט זיך אויס פון זיינע הענד א דערשראקענער] לאזט מיך צו־רוה לאזט מיך! וואס קעהר זיך מיט מיר אן וואס? איך דארף קריכען צו יענעם אין קעשענע דארף איך? איך וויים גאר ניט איך!

ראובן הערש. [געהט ארום הין און צוריק] אוי, ווייסט איהר ניט! איהר ווייסט גאנץ גוט פון מיין שלאק, פון מיין צרה! איהר מאכט זיך נאר, אז איהר ווייסט ניט!

ר׳ שלום שדכן. יא, אבער וואס קעהר זיך דאס מיט מיר אן וואס? מע האט מיך געשיקט רופען האט מען מיך — בין איך געקומען בין איך; מע זאגט א גט, לאז זיין א גט לאז זיין...

ראובן־הערש. [שטעלט זיך אפ] א גט זאגט איהר?

ר׳ שלום שדכן. [קאלט בלוטיג] נו פארשטעהט זיך א גט.

ראובן־הערש. [נאפט מיט דעם קולאק אין טיש אריין] איך וויל ניט קיין גט! איהר הערט, רב שלום? איך וויל ניט קיין גט! איך וויל ניט! איהר הערט צי ניין?

ר׳ שלום שדכן. איך הער, איך הער; פאר וואס זאל איך ניט הערען פאר וואס? „זי" וויל אבער, „זי"!

ראובן־הערש. ווער איז די „זי"? וואס איז פאר א זי? וואס מיר זי, ווער מיר זי?...

ר׳ שלום שדכן. איך מיין שרה־חנצי מיין איך; אייער שרה־חנצי אייערע.

רְאוּבֵן־הֶערְשׁ. שָׂרָה־הַנְצִי? נוּ, אוּנ וואוּ בִּין אִיךְ?

ר' שָׁלוֹם שַׁדְכָן. [בַּארַאבַּאנְעט מִיט דִי פִינְגֶער אִין טִישׁ אַרַיין] דאָם ווייס אִיךְ נִיט דאָם.

רְאוּבֵן־הֶערְשׁ. וואָס הייסט אִיהר ווייסט נִיט? אִיךְ ווָעל דעֶר־לאָזֶען אַזעֶלכֶעס בַּיי זִיךְ אִין שטוּב? אַזאַ רְצִיחָה אִיז נאָךְ נִישט געֶהעֶרט געֶוואָרעֶן אוֹיף דעֶר האַלבֶּער וועֶלט! מעֶ זאָל נעֶמעֶן קִינדעֶר, אַזעֶלכֶע צווייא טהייַערעֶ קִינדעֶר וואָס האָבּעֶן זִיךְ לִיעב דאָם חַיוֹת מִיט דעֶר נְשָׁמָה, אוּנ פְּלוּצלִים אִין מִיטעֶנדרִינעֶן אָפּגעֶטִין זיי, צעֶשׁיידעֶן זיי, צעֶרייַסעֶן זייעֶר גלִיק אוֹיף אײבִּיג! פאַר וואָס? פאַר ווען? פאַר ווָעמעֶס זִינד? [עֶר טְרֵייסֶעלְט ר' שָׁלוֹם'ן פאַר דִי לַאצָען].

ר' שָׁלוֹם שַׁדְכָן. [רַייסט זִיךְ אוֹיס] וואָס בִּין אִיךְ שוּלדִיג. וואָס? וואָס האָט אִיהר צוּ מִיר וואָס?

רְאוּבֵן־הֶערְשׁ. [מִיט גְרוֹיס פַייעֶר] אַזאַ צאַצקעֶ! אַזאַ יוּנגעֶרמאַן! נוּ, אוּנ אִיךְ ווָעל דאָם צוּזעֶהן אוּנ אָפּ־שווייַגעֶן? האַ? וואָס מיינט אִיהר זִיךְ? אִיךְ בִּין דאָךְ אַ פָאטעֶר! אִיךְ בִּין דאָךְ דעֶר פָאטעֶר! אִיךְ האָב עֶפּעֶס אוֹיךְ אַ שטִיקעֶל דֵעָה, צִי נייַן? האַ? אִיךְ ווָעל לאָזעֶן, מעֶ זאָל מייַן קִינד פִירעֶן פאַר אַ קָרְבָּן? אוּנ וואוּ בִּין „אִיךְ" ? פרעֶג אִיךְ אייַךְ. ר' שָׁלוֹם, וואוּ בִּין „אִיךְ"? [עֶר ווִיל אָנְחאַפּעֶן ר' שָׁלוֹם'ן פאַר דֶעם לַאץ].

ר' שָׁלוֹם שַׁדְכָן. [רִיקְט זִיךְ אָפּ] אִיהר זעֶנט געֶרעֶכט אִיהר, וואָס אֱמֶת אִיז אֱמֶת, ר' ראוּבן־העֶרש; אִיהר זעֶנט אַוַדַאי געֶרעֶכט זעֶנט אִיהר; הייסט געֶבּעֶן אַבִּיסעֶל בּראָנפּעֶן אוּנ עֶפּעֶס פאַרבּייַסעֶן אוֹיךְ; אִיךְ האָב נאָךְ הייַנטִיגעֶן פְרִיה־מאָרגעֶן אִין מייַן מוֹיל נִיט געֶהאַט האָב אִיךְ. [מֶען טְרָאגְט אַרַיין אַ פְלָעשֶׁעל ווַיין מִיט פארבַּייסֶען].

ר' שָׁלוֹם שַׁדְכָן. [גִיסְט אָן] לְחַיִים, ר' רְאוּבן־העֶרש, לְחַיִים! לאָז

גאָט געֶבעֶן בעֶסעֶרעֶ געֶשעֶפֿטעֶן לאָז עֶר... לְחַיִים! לְחַיִים!
[עֶר מַאכְט אַ כּוֹסָה].

ר׳ שָׁלוֹם שַׁדְכָן. [אַ כּוֹסָה] פֿעֶ, ר׳ רְאוּבֵן-הֶערְש, פֿעֶ-פֿעֶ!

רְאוּבֵן־הֶערְשׁ. [טְרִינְקְט אַ קאפּ] אָבעֶר גאָר אוֹיף אַנ׳אַנדעֶר אוֹפֿ׳ן „פֿעֶ", ר׳ שָׁלוֹם!

ר׳ שָׁלוֹם שַׁדְכָן. [טְרִינְקְט] זעֶהר פֿעֶ! זעֶהר פֿעֶ!

רְאוּבֵן־הֶערְשׁ. [נאָך אַ קאפּ] אָבעֶר טאַקעֶ, ר׳ שלוֹם, וואָס פֿעֶ הַייסט!

ר׳ שָׁלוֹם שַׁדְכָן. [נאָך אַבִּיסֶעל] פֿעֶ-פֿעֶ-פֿעֶ! בִּיז׳ן עֶק אַרַיין פֿעֶ!

רְאוּבֵן־הֶערְשׁ. [אַבִּיסֶעל פֶערְשְׁמַאכְט] וואָס ווייסט אִיהר, ר׳ שָׁלוֹם ווִי פֿעֶ דאָס אִיז, ווִיפִֿיעל אִיהר ווייסט פֿעֶ, אִיז אַפִֿילוּ קיַין שְׁמִינִית שֶׁבִּשְׁמִינִית, קיַין צעֶהן-טויזעֶנד הֶלֶק אַפִֿילוּ! דאָס אִיז אַזאַ מִין פֿעֶ, וואָס זִינט דִי וועֶלט שטעֶהט אִיז נאָך אַזאַ פֿעֶ נִיט געֶוועֶן!

ר׳ שָׁלוֹם שַׁדְכָן. [מַרְאָה כֹּהֵן; שָׁאקעֶלְט צוּ מִיט׳ן קאפּ אוּנ שְׁמֵייכֶעלְט] אִיך ווייס, ר׳ רְאוּבֵן־הֶערְשׁ; ס׳אִיז שטאַרק פֿ׳! אִיהר דאַרפֿט מִיר נִיט דעֶרצעֶהלעֶן אִיהר; אִיך האָבּ אויך דִי אייגעֶנעֶ מַכָּה אִיך; פּוּנקט אַזאַ צָרָה פּוּנקט, אוּנ אֶפְשָׁר נאָך עֶרגעֶר אֶפְשָׁר.

רְאוּבֵן־הֶערְשׁ. דאָך אִיז מִיט אַ גאַנג; נִיט אַזוֹי ווִי בַּיי מִיר, אוֹי וואָס ווייסט אִיהר, וואָס ווייסט אִיהר?
קיינעֶר ווייסט נִיט, ר׳ שָׁלוֹם! אָט דאָ לִיעגט דאָס בַּיי מִיר, [ווַייזְט מִיט׳ן פִינְגֶער אוֹיף דָעם הַארְצֶען], אָט דאָ, טִיעף—טִיעף!... אוּנ פֿאַר וואָס? פֿאַר ווען? [בּייגט איין דִי קאפּ] שוֹין עֶטלִיכֶעֶ אוּנ צוואַנצִיג יאָהר, אַז אִיך קוּם אָפּ אוֹיף דעֶר וועֶלט... עֶטלִיכֶעֶ אוּנ-צוואַנצִיג יאָהר בִּין אִיך אִין גֵיהִנָם... שִׁבְעָה מְדוֹרֵי גֵיהִנָם... אוֹיף הַייסעֶ סקאָוורעֶדעֶס בּראָטעֶן מַיין לַייבּ... קאָלִיסטראָיֶ, ר׳ שָׁלוֹם, קאָלִיסטראָיֶ טרַייבּט זִי מִיך דרַיי מאָל אִין טאָג...

אָהן אַ שום רַחֲמָנוּת ... קיין גוּט וואָרט כִּמְעַט פון דער עֶרשטער שָׁעָה, אַ ווערטעלע אויסצורעדען עֶטליכע און צוואַנציג יאָהר! ... אָט וואו מע דאַרף אַ גֶט, ר' שלום! [קוּקט זיך אַרוּם מִיט שְׁרֶעק] אָט וואו מע וואָלט בעדאַרפט אַרוּפפיהרען אויף אַ גֶט! ...

ר' שָׁלוֹם שַׁדְכָן. אַוַדאי גֶט! [גִיסְט אָן אַ כּוֹסָה] ביי מִיר אויך די אייגענע צָרָה ביי מִיר... [עָס קוּמְט אָן שָׂרָה־חַנְצִי].

---

2.

# די זֶעלְבֶּע און שָׂרָה־חַנְצִי.

שָׂרָה־חַנְצִי. [פְּלִיהְט אַריין, ווי אַ ווִיכְער און בְּלייבט שְׁטֶעהן אִין מִיטֶען שְׁטוּב; אַ פְּלֶיעסְק מִיט די הֶענְד] רְאוּבֵן־הֶערְש! וואָס אִיז דאָ ביי דיר פליצלים פאַר אַ יום־טוב? גאָט אִיז מִיט דיר, רְאוּבֵן־הֶערְש! ווֶעסט צייט האָבען נאָך דעם גֶט פאַרטרינקען... [קוּקְט אִין דֶעם לֵיידִיגען פְּלֶעשֶׁעל אַריין] געמעגט איבערלאָזען אַביסעל אויף שפּעטער... ווֶעסט נאָך האָבען גענוג צייט צו טרינקען, און אִיהר אויך, ר' שָׁלוֹם! אִם יִרְצֶה הַשֵּׁם צום צווייטען קַנסמאָל און צו דער אַנדערער חַתוּנָה ביי אונזער טאָכטער... נאָר לאָז שוין גאָט געבען מִיט מֶעהר הַצְלָחָה, נִיט אַזאַ גענייידעם, ווי אִיהר האָט מִיר געגעבען, ר' שָׁלוֹם! ...

ר' שָׁלוֹם שַׁדְכָן. [לֶעפֶּעטְשֶׁעט מִיט דֶער צִינְג] אִיך בעט איַיך שָׂרָה־חַנְצִי... אִיהר זענט דאָך... אַ... אַ... אִיך מיין טאַקע בֶּאֱמֶת מיין אִיך... אַ... אַ... ווי זאָגט ער, אַ... נַ... אַ... אִשָּׁה צְנוּעָה, אַ...

שָׂרָה־חַנְצִי. [ווייזְט זיי אויף דער טִיהר; זיי גֶעהן בֵּיידֶע מִיט אֲראָפּגֶעלָאזְטֶע קֶעפּ, און זי גֶעהט זיי נָאךְ] נוּ, גֶעהט שוין נֶעהט!

שוין אַלעֶס פֿאַרטיִג ... דעֶר רָב האָט געֶשיִקט צוּ מיִר דעֶם שַמֶש ... דעֶר גֶט איִז שוין צום שרײַבען ... נוּ, ריִהר זיִך שוין, רְאוּבֵן־הֶערְש, ריִהר זיִך! קוּק איהם אָן אַביִסעֶל, ווי עֶר פלאָנטעֶט מיִט דיִא פִּיס ... איִן מיִטעֶן דריִנעֶן זעֶצט מעֶן זיִך אַיועֶק חלעֶפּטשעֶן וויינען ... [שְׁטיִלעֶרְהֵייד] פּיאַוּוקעֶס זאָלעֶן טריִנקעֶן אַייעֶר בלוּט ביידעֶ ... האָט זיִך צעֶנוּיפגעֶקאָמפּאַניעֶט מיִט דעֶם דאָזיִגעֶן זוֹלֵל וסוֹבֵא׳ניִק אוּנ מעֶ האָט אויסגעֶראָמט, וואוּ ס׳איִז דאָ אַ שטיִקעֶל לעֶקאַך איִן שאַפֶּע, עֶסעֶן זאָלעֶן איִיך ווערעֶם ביידעֶ אַייעֶר לײַב, זיִסעֶר גאָט! ...

---

3.

## מָאטֶ׳ל אוּנ לֵוִי־בִּנְיָמִין,

(פְּריהעֶר קוּמט אַרַיין מָ א טֶ ׳ ל, פַאלְט אוּיפְ׳ן בֵּיינְקְעל אוּנ בְּלַייבְּט זיִצְעֶן איִן אַ טְרַאגיִשֶׁער פָּאזֶע, בַּאלְד נָאךְ איִהם קוּמְט אַריין לֵוִי־בִּנְיָמִין מיִט אַ שְׁמֵייכֶעלֶע.)

מָאטֶ׳ל. [וויינְט אוּנ רַייסְט אוּיף זיִךְ דִי הָאר] פֿאַר פֿיִנכטעֶרט בין איִך געֶוואָרעֶן! אַזאָך אוּנ וועֶה איִז מיִר, אַז איִך דאַרף מײַן עֶ ט ל עֶ ן געֶבעֶן גֶט!

לֵוִי־בִּנְיָמִין. וואָס־זשעֶ האָסט דוּ געֶוואָלט? אַז עֶ ט ׳ ל זאָל דיִר געֶבעֶן גֶט?

מָאטֶ׳ל. יאָ? דוּ לאַכסט? דוּ טרײַבסט קאַטאָוועֶס? אַצוּנד?

לֵוִי־בִּנְיָמִין. וואָס דעֶן? משוּגעֶנעֶר, וואָס קלאָגסט דוּ? וואָס האָסט דוּ זיִך צעֶיאַחמעֶרט, ווי אַ ייִדיִנעֶ? אַדְרַבָּה זאָג!

מָאטֶ׳ל. וואָס־זשעֶ דעֶן? טאַנצעֶן זאָל איִך?

לֵוִי־בִּנְיָמִין. אַוַדַאי טאַנצען!... דו װערסט פּטור פֿון אַזאַ שװיגער, װי שָׂרָה־הַנְּצִי, מעגסט דו געװיס געהן טאַנצען... װער קאָן זי ניט? איך בין באַװאָהרענט, אַז דו װעסט דאָ אָפּ־זײַן נאָך אַ האַלב יאָהר אין שטוב, װעט דיך דײַן שװיגער פּאַטשען, אַזוי װי זי פּאַטש דעם שװער דײַנעם, אָט דעם עהרליכען טיפּוש, װאָס איז ערגער פֿון איהר, אַז ער לאָזט זיך אַזוי טרעטען מיט די פֿיס.

מָאטֶל. ס'איז דיר גרינג צורעדען, יאָ; זאָלסט אָבער זײַן אויף מײַן אָרט, װאָלסט דו...

לֵוִי־בִּנְיָמִין. איך זאָל זײַן אויף דײַן אָרט, לעקעש, װאָלט איך מיך אויפּ'ן דריטען טאָג געגט און געפּטרט אַנ'עול פֿונ'ם קאָפּ! — אײן מאָל פֿאַר אַלע מאָל! [ער שפּאַנט אַרום איבער'ן שטוב].

מָאטֶל. [פֿאַרטראַכט] זיך געגט?... נו, און עט'ל? אַך לֵוִי־בִּנְיָמִין!... װאָס װײסט דו, װאָס װײסט דו, װי טײַער, װי ליב זי איז מיר!?...

לֵוִי בִּנְיָמִין. [שפּאַנט אַרום הין און צוריק] קוק איהם אָן אַבּיסעל, װי ער מאַכט דאָס הֲוָיוֹת, די ליעבע האָט זיך אין איהם צעפּלאַקערט! װער מיר ליעבע! װאָס מיר ליעבע? װאָס האָסט דו זיך אײַנגעבילדעט, משוגענער? אַ שענע ליעבע, אַז די מאַמע קאָן זי אַרויספֿיהרען צעהן מאָל אין טאָג אויף געט? אויך מיר אַ ליעבע! חאַ־חאַ־חאַ!

מָאטֶל. מעגסט דיר לאַכען װיפֿיעל דו װילסט, און דאָס, װאָס דאָס האַרץ פֿילט? [ער חאַפּט זיך בײַ'ם האַרצען].

לֵוִי־בִּנְיָמִין. חאַ־חאַ־חאַ! װאָס פֿיהלט דאָס האַרץ? װאָס?... ער האָט זיך אָנגעלײענט מיט ראָמאַנען, װי אַ פּויק, און שרײַט אויף אַלע גאַסען ליעבע! גלאַט. סע װילט זיך דיר שפּיעלען אַ ראָמאַן, נעמסט דו אַלײן אויף זיך צָרוֹת

מִיט שלעָק!... נוּ, ווִילסט נִיט קֵיין גֶט? ווִי דוּ ווִילסט זִיך! זַיְץ דאָ! אָט ועֶט בּאַלד קוּמעֶן דעָר אַשְׁמְדַאי, די שווִיגעָר דַיינע, אוּנ ווִעט דִיך אַרײַן לײגעֶן גײַן אײלעֶן אִין דעָר עֶרד אַרײַן אוּנ ווִעט אָנשטעֶלעֶן דִי טאָכטעֶר, אַז זִי זאָל דִיר ווִאַרפֿעֶן דעֶם גֶט פֿאַר דִי פֿיס, אוּנ נאָכדיֶם ווִעט אִיהר זִיך אִיבּעֶר־בּעֶטעֶן, צעֶקוּשעֶן, אוּנ שפּעֶטעֶר מִיט צווֵיי טעָג ווִיעדעֶר דִי זעֶלבּעֶ געֶשִׁיכטעֶ, בִּיז פֿוּן דַיין געֶלִיעֶבּטעֶר ווִעט ווִעֶרעֶן אַ מִין שָׂרָה־הַנִצי אוּנ פֿוּן דִיר אַ מִין רְאוּבֵן־הֶערְש שָׂרָה־הַנְצִי׳ס... אַ לעֶמעֶשגעֶ... אַ שעֶנעֶר כּוֹף!... שעֶם זִיך! [לֵוִי־בִּנְיָמִין רוּקְט אָן מָאטְלִ׳ן דָאס הִיטְעל בִּיז אִיבֶּער דִי אוֹיהרֶען] אַ פֿיינעֶר יוּנגעֶר מאַן! אַ יוּנגעֶר־מאַן בִּיסט דוּ? אַ ווִייבּעֶל בִּיסט דוּ? אַ יִידִינעֶ! מאָטעֶל דִי יִידעֶנעֶ! „סעֶנדעֶרִיל דִי יִידִינעֶ״, חאַ־חאַ־חאַ! דוּ געֶדיינקסט „סעֶנדעֶרִיל דִי יִידִינעֶ״ בּיי אַבּראַמאָווִיטשעֶן? חאַ־חאַ־האַ! „שֶׁהָיָה יוֹשֵׁב עַל הַסַּפְסָל״—אַז סעֶנדעֶרִיל די יִידִיעֶנעֶ אִיז געֶזעֶסעֶן אוֹיפֿ׳ן בּיינקעֶל אוּנטעֶרגעֶבּוּנדעֶן מִיט אַ טִיכעֶל דִי צײן, „וְקוֹלֵף קַארטאָפְּלִים״—אוּנ האָט געֶשיילט קאַרטאָפֿלִים — חאַ־חאַ־חאַ!

מָאטֶל. גוּט אִיז דִיר צוּ לאַכעֶן! דוּ האָסט זִיך אַרײַן געֶחאַפּט אִין אַ שטוּבּ צווִישעֶן לײַט, נִיט צווִישעֶן אַזעֶלכֶע, ווִי אִיך בִּין אַרײַן...

לֵוִי־בִּנְיָמִין. האָסט אַ גרוֹיסעֶן טָעוּת, מאָטעֶל, אִיך האָבּ שוֹין דִיר טוֹיזעֶנד מאָל געֶזאָגט, אַז סעֶ ווִייזט זִיך דִיר אוֹיס. גליייבּ מִיר, בּרוּדעֶר, אַז אִיך קוּם געֶנוּג אָפּ; נִיט אַזוֹי פִֿיעל, ווִיפִֿיעל דוּ, פֿאַר שטעֶהט זִיך; אָבּעֶר קֵיין האָנִיג לעֶק אִיך אוֹיך נִיט... סעֶ ווִילט זִיך מִיר אַזוֹי זִיצעֶן אוּנ קווֶטשעֶן דִי בּאַנק, אַזוֹי ווִי דִיר גלוּסט זִיך אַצוּנד געֶהן טאַנצעֶן; נאָר וואָס זאָל מעֶן טוּהן? מִיר זֶענֶען אֵיידעֶמ׳ס, מאָטעֶל, מִיר זעֶנעֶן אײדעֶמ׳ס!... מעֶ האָט אוּנז געֶנוּמעֶן פֿאַר אַ צִירוּנג

אִין שטוּב אַרײַן, מעֶ האָט אוּנז געֶגעֶבעֶן װײַבעֶר אוּנ מעֶ זאָגט אוּנז: געֶהט קינדערליך צװײ מאָל אִין טאָג אִין שוּל אַרײַן! טוּהט אײַך דאָרט װאָס אִיהר װילט, אַבִי לאָזעֶן לײַט זאָגעֶן, אַז אִיהר זעֶנט שעֶנעֶ אײדעֶמלעֶך, זײַדעֶנעֶ יוּנגעֶ-לײַט — אוּנ מִיר, קעֶלבלעֶך, לאָזעֶן זִיך פִֿיהרעֶן פֿאַר'ן שטריקעֶל, טהוּן טהוּעֶן מִיר גאָר נִיט, עֶסעֶן לאַסקאַװעֶ ברוֹיט, טוּנעֶיאַדצעֶס, פֿוּסטעֶפּאַסניקעֶס! אוּנ אַזוֹי געֶהן אַװעֶק טעֶג מִיט יאָהרעֶן, עֶס װערדט אַ קינד אוּנ צװײ... אוּנ מִיר, קאָן זײַן, װאָלט זִיך גאָר געֶגלוּסט אַצוּנד זײַן װײַט װײַט פֿוּן דאַנעֶן, עֶרגעֶץ אִין אַדעֶס אָדעֶר אִין אַ פּײטעֶרבוּרג... שטוּדִירעֶן... עֶך, בּרוּדעֶר, נִיטאָ װאָס צוּרעֶדעֶן, מאָטעֶל, מִיר זעֶנעֶן בײדעֶ גוּט אִין דעֶר נעֶץ; מִיר אִיז אַבּיסעֶל בעֶסעֶר, דִיר אִיז עֶרגעֶר — געֶה-זשעֶ, נאַרעֶלעֶ, פּלאָנטעֶ זִיך אַרוֹיס, בּיז דוּ קאָנסט נאָך, — װײַל שפּעֶטעֶר גאָט װײסט?... קוּם שוֹין קוּם, מאָטעֶל, מאַך זִיך נִיט נאַרעֶש!... [עֶר נעֶמט אָן מאָטעֶלעֶן בײַ דעֶר האַנד, זײ געֶהען אָפּ].

ענדע פֿון צווייטען בילד.



# דָאס דְרִיטֶע בִּילְד.

(קימט פָאר בייא אָרקע דעם רב אין שטוב, וואָס איז איבער געצאָמט מיט א רעדנע אויף צוויי צימערען: אַ „זאַאַל“ מיט א „קעך“, אין „זאאל“ שטעהט אַ שאַפֶע מיט ספרים, אויף דעם טיש ליעגט אַ „יורה-דעה“ מיט אַנ׳ „אבן-העזר“; אַ קאַנאַפֶע בעצויגען מיט קעסטעלדיגען ציטץ; אַ מזרח אויף דער וואַגדט; אַ זייגער מיט א קוקושקע, אַ טיזלוק מיט אָ טוליפיל פֿון פֿייה מיט ווידעלעך, אַ שטריימעל; אַנ׳אטלעסענע קאפאָטע מיט אַ געלען אונטער-שלאַק; די רעביצינ׳ס זופע אויף וואטע; אַ גרויסע קווארט מיט א פֿיטשנאַסען האַנדטוך מיט א פאָמוניצע און מיט אַ בעזעם).

---

## I.

### פְרוּמֶע-לִיבֶּע דִי רֶבֶּצִין און שָׂרָה חַנְצִי.

רֶבֶּצִין. זִיצט, שָׂרָה-חַנְצִי, זֶעצט זִיך צוּ, וואָס שטֶעהט אִיהר?

שָׂרָה-חַנְצִי. [מִיט׳ן בָּארְגֶעם אויף אֵיין אַרְבֶּעל] נִישט קָשֶׁה, אִיך קָאן באַשטֶעהן. [זִי סְמֶארֶעט מִיט דֶער נָאז].

רֶבֶּצִין. וואָס אַרט אַיך, שָׂרָה-חַנְצִי? אָט שטֶעהט אַ בֶּענקֶעל, נֶעמט זֶעצט זִיך צוּ; בִּיז דֶער גֶט וועט נָאך פַארטִיג ווערֶען, וועט אַ בִּיסֶעל געדויערֶען. — אָך-אָך-אָך [זִי לֵייגְט דִי קָאפּ אויף דִי צְווֵיי פִינְגֶער און שָׁאקֶעלְט זִיך].

שָׂרָה-חַנְצִי. אָך-אָך-אָך! [זִי מַאכְט פִּיסְקֶעס אויף צוּ וֵויינֶען און זֶעצְט זִיך צוּ מִיט אַ זַייט אויף דֶעם שְׁפִּיץ בַּיינְקֶעל].

רֶבֶּצִין. [מִיט רַחֲמָנוּת] לְמַאי זאָלט אִיהר זִינדִיגֶען, שָׂרָה-חַנְצִי? מִסְתָּמָא אִיז דאָס אַ באַשערטֶע זַאך? מִסְתָּמָא הֵייסט דֶער אויבֶּערשטֶער, הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא, — בָּרוּךְ הוּא וּבָרוּךְ שְׁמוֹ! מִסְתָּמָא אִיז דאָס נִישט קֵיין זִיווּג...

שָׂרָה־הַחַנְצִי. [ווִישְׁט זִיךְ דִי אוֹיגֶען אוּנ שְׁנַייצְט דִי נָאז] נִישְׁט קֵיין זִיוּוג, זאָגט אִיהר? אוֹי פְרוּמעֶניוּ—נְשָׁמָהנִיוּ! אִיהר קאָנט מִיךְ דאָךְ נִיט פוּן נעֶכְטעֶן אוּנ נִיט פוּן פָאַר אַ יאָהרעֶן... אִיךְ קאָן דאָס אַייךְ גאָר אַזוֹי פִיעל נִישְׁט לַמְנַצֵּחַ זַיין, אִיךְ בֶּעט אַייךְ אִיבֶּער ווִי אַנ'אֵייגעֶנעֶ שׁוועֶסטעֶר, ווֶען אִיהר זאָלט ווִיסעֶן, ווִי אַזוֹי עֶר בַּאַגעֶהט זִיךְ מִיט מַיין טאָכְטעֶר, מִיט מַיין לַייבּ אוּנ פְלַייש, וואָלט אִיהר אַלֵיין געֶזאָגט, אַז... אַז עֶס אִיז אוֹיף מִיר אַ „מַהֲזִיר נְשָׁמוֹת", עֶפֶּעס אַ מִין פוּרעֶנִיוֹת פוּן זַיין לִיעבּעֶן נאָמעֶן, עֶפֶּעס אַנ'„עוֹכֵר יִשְׂרָאֵל" אִיז עֶר, נאָךְ עֶרגעֶר פוּן אַ מְשׁוּמָד נִיט דאָ געֶדאַכְט, אִיךְ ווֵייס? אַנ'אוֹיסוועֶרפְלִינג, אַ „נִשְׁמַת כָּל חַי", אַ ווִילדעֶ הַיָה רָעָה, אַ וואָוְקעֶלאַקעֶ!...

רֶבֶּצִין. [שְׁמֵיכָעֶרְט מִיט דִי לִיפֶּען אוּנ מַאכְט מִיט דֶעם קָאפּ] מֶען זאָל גאָר בֶּעהִיט ווֶערעֶן, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם פוּן דעֶר גאַנצעֶ ווֶעלט, בָּרוּךְ הוּא וּבָרוּךְ שְׁמוֹ! סעֶ אִיז זִיךְ עֶפֶּעס גאָר אַנ אָנַטִיקעֶנעֶס אִיז דאָס! אַ מַכָּה בְּכוֹרָה פוּן מִצְרַיִם!

שָׂרָה־הַחַנְצִי. [מִיט הִיץ] פוּן מִצְרַיִם, זאָגט אִיהר? פוּן סְדוֹם זאָג אִיךְ אַייךְ! פוּן סְדוֹם! עֶפֶּעס אַ מִין, אַ מִין... וְרָהֲצוּ! אַ פִיפֶּערנאָטעֶר, וואָס אִיז דוֹרֶס מִיט'ן קוּק, אַ לִינדעֶנווּאָרעֶם, וואָס לִיעגט אִין הֲרֵיין אוּנ מֵיינט, אַז סעֶ אִיז גאָר קֵיין זִיסעֶרעֶס נִיטאָ אוֹיף דעֶר ווֶעלט! עֶר לִיעגט אוּנ טאָטשעֶט, ווֶערעֶם זאָלעֶן טאָטשעֶן זַיין לַייבּ אִין דעֶר פִינסטעֶר, לִיעבֶּער גאָט!

רֶבֶּצִין. בֶּעהִיט מִיךְ גאָט, בָּרוּךְ הוּא וּבָרוּךְ שְׁמוֹ [זִי הֵייבְּט אוֹיף דִי אוֹיגֶען מִיט דִי הֶענְד צוּ דֶער סְטֶעלִי] אִיךְ ווֵייס? אִיהר דאַרפְט נאָךְ דאַנקעֶן אוּנ לוֹיבּעֶן דעֶם וואָס לֶעבְּט אֵייבִּיג, בָּרוּךְ הוּא וּבָרוּךְ שְׁמוֹ, וואָס אִיהר ווֶערדט פָּטוּר פוּן אַזאַ צָרָה שֶׁלֹּא תָבֹא!

שׂרה־הנצי. איך ווער פּטור? סע קאָסט מיך קאָרג בלוט?
וואָס רעדט איהר, פרומע־לעבען, אַ ווערטעלע,
אַ שידוך געטוהן, התּונה געמאַכט, אָנגעטוישעט זיך, און וואָס,
איך בעט אייך? אַצונד, געה טוה נאָך אַמאָל אַ שידוך, ווידער
אַנאַיידעם, אַ צירונג און שטוב אַריין, אַן עבודה־זרה,
אַ לעשׂות־נקמה׳ניק, אַ בייזער שטעהרען... שׁשאַ, אָן געהט
ער דער תּכשיט מיינער, לאָם איך זיך באַהאַלטען, פרומע־
לעבען, ביי אייך אין קעך, מיינע אויגען זאָלען איהם ניט
אָנקוקען אין זיין טרפה׳נעם פּרצוף. אַ סבה איהם אין פּנים
אויף דריי יאָהר מיט אַ האַלבען!... [זי געהט אַוועק אין צווייטען ציממער].

---

## 2.

ר׳ אָרקע דער רב (קומט אריין געשווינד, וואשט די הענד, זאָגט „אשר יצר" אויף א קול און זעצט זיך אויבענאָן אויף דער קעס־טילדיגער קאנאפּע מיט גרויס פּאראד; נאָך איהם געהט אריין ר׳ זכריה סופר און שטעלט זיך אָן א זייט; נאָך דעם סופר געהען נאָך צוויי עדות, און דער שמש טראָגט אריין דעם גט מיט א גרויסען גלעזערנעם טינטער אין וועלכען סע שטעקט א גענזענע פּעדער; עס הויבען אַן אריין צוקומען איינציג ווייס אלערליי יידען; הויכע און נידעריגע, אלטע און מיטעלע, שווארצע און געלע — ביז עס קלייבט זיך צונויף א מנין, און לוי בנימין און ר׳ שלום שדכן, און ראובן הערש, קומען אָן בעזונדער. פרומע ליבע די רבצין הויבט אויף דעם פּאָרהאנג פון דער קעך־טיר און לאָזט אריין עטלען, וואָס געהט טריט ביי טריט אָן גערוקט דאָס טיכעל ביז דער נאָז; פון דער טיר קומט אריין מאָטעל בלאס און צעטראָגען; דער שמש ווייזט זיי זייערע ערטער; ר׳ אָרקע דער רב איילט זיך און שנייצט אויס די נאָז און איז זיך מכין צום סדר הגט.)

דער רב. [נעמט דעם גט] דו, סופר זכריה בר טוביה, איז דאָס דער גט, וואָס דו האָסט דאָ געשריבען, האָסט דו געשריבען?

דער סופר. [קראַצט זיך אין דער געדעכטער באָרד] יאָ.

דֶער רָב. קאָנסט דו דעֶם גֶט און האָסט דאָ אַ סִימָן מוּבְהָק?
דֶער סוֹפֵר. יאָ.
דֶער רָב. האָט דיר דעֶר בַּעַל, מֹשֶׁה מָרְדְכַי בַּר אֶפְרַיִם מְנַשֶּׁה, געֶגעֶבעֶן דאָס פּאַרמעֶט, דעֶם טינט און דאָס טינטעֶר'ל און דאָס גאַנצעֶ שרייבּ-געֶצייג פאַר די עֵדִים?
דֶער סוֹפֵר. יאָ.
דֶער רָב. האָט דיר געֶהייסעֶן דעֶר בַּעַל, מֹשֶׁה מָרְדְכַי בַּר אֶפְרַיִם מְנַשֶּׁה, אַז דו זאָלסט דעֶם גֶט שרייבּעֶן לִשְׁמוֹ וְלִשְׁמָהּ וּלְשֵׁם גֵירוּשִׁין?
דֶער סוֹפֵר. יאָ.
דֶער רָב. האָסט דו אַזוי געֶרעֶדט אַז דעֶר גֶט וואָס דעֶר בַּעַל, מֹשֶׁה מָרְדְכַי בַּר אֶפְרַיִם מְנַשֶּׁה האָט געֶשריבּעֶן, איז געֶשריבּעֶן לִשְׁמוֹ וְלִשְׁמָהּ וּלְשֵׁם גֵירוּשִׁין?
דֶער סוֹפֵר. איך האָבּ געֶרעֶדט, אַז דעֶר גֶט וואָס דעֶר בַּעַל, מֹשֶׁה מָרְדְכַי בַּר אֶפְרַיִם מְנַשֶּׁה האָט געֶשריבּעֶן איז געֶשריבּעֶן לִשְׁמוֹ וְלִשְׁמָהּ וּלְשֵׁם גֵירוּשִׁין?
דֶער רָב. [צו די עֵדוּת] האָט איהר געֶהעֶרט פוּנ'ם מְגָרֵשׁ, מֹשֶׁה מָרְדְכַי בַּר אֶפְרַיִם מְנַשֶּׁה אַז עֶר האָט מְבַטֵּל געֶוועֶן אַלעֶ מוֹדָעוֹת, און אַז דעֶר גֶט וואָס עֶר האָט געֶשריבּעֶן אִיז געֶשריבּעֶן לִשְׁמוֹ וְלִשְׁמָהּ וּלְשֵׁם גֵירוּשִׁין?
דִי עֵדוּת. [בּיידעֶ צו נאָמעֶן, איינעֶר. אויף אַ גְרָאבּעֶר און דעֶר אַנדעֶרעֶר אויף אַ דינעֶר שטימעֶ] יאָ.
דֶער רָב. האָט איהר געֶזעֶהן, אַז דעֶר מְגָרֵשׁ, מֹשֶׁה מָרְדְכַי בַּר אֶפְרַיִם מְנַשֶּׁה האָט מוֹסֵר געֶוועֶן דעֶם טינט און פעֶן און דאָס טינטעֶר'ל, בִּכְדֵי דעֶר גֶט וואָס עֶר האָט געֶשריבּעֶן זאָל זיין געֶשריבּעֶן לִשְׁמוֹ וְלִשְׁמָהּ וּלְשֵׁם גֵירוּשִׁין?
דִי עֵדוּת. יאָ.

[מעֶ דעֶקט אָפּ עֶטלעֶכעֶ די פּאַטשיילעֶ].

דער רב. דו, היה עטל געגנדעל בת ראובן הערש, ווילסט דו מקבל זיין דעם גט פון דיין מאן משה מרדכי בר אפרים מנשה פון גוטען ווילען, אהן אונס אונ אהן תנאי?... זאג יא.

עטל. [שטייגט איבישעע וויילע ביז יודעל דער שמש טוהט זי א טארק ביים ארבעל] יא.

דער רב. האסט דו געטאהן א נדר, אדער א שבועה, אדער אנ'איסור? זאג ניין!

עטל. [שאקעלט מיט'ן קאפ] ניין — ניין!

דער רב. האסט דו גערעדט מעולם א דבור, אדער א שבועה אדער אנ'איסור ס'זאל דעם גט ניט מזיק זיין?... זאג ניין!

עטל. [מיט טרעהרען] ניין!

[יודעל דער שמש פיהרט צו מאטלען.]

דער רב. דו, דו משה מרדכי בר אפרים מנשה, ווילסט דו געבען דעם גט דיין ווייב היה עטעל געגנעדעל בת ראובן הערש פון דיין גוטען ווילען אהן אונס אונ אהן תנאי? זאג יא.

מאטעל. [דרעהט אויס דעם קאפ צו עטלען אונ זיפצט; יודעל דער שמש טוהט איהם א שטורך פון הינטען מיט דעם עלינבויגען, ער שאקעלט מיט דעם קאפ אויף „ניין" אונ זאגט „יא"] יא!

דער רב. האסט דו גערעדט מעולם א דבור, אדער א שבועה אדער אנ'איסור ס'זאל דעם גט ניט מזיק זיין?... זאג ניין!

מאטעל. [רוקט זיך צו נעהענטער צו עטלען; דער שמש נעהמט איהם אן פאר די אקסלען אונ פיהרט איהם אפ אביסעל ווייטער] ניין! איך האב געוואלט זאגען... [ער וויל עפעס זאגען ווייטער, טוהט איהם דער שמש א ציה ביי דער האנט].

דֶער רָב. [גִיט אִיהם אִיבֶּער דֶעם גֶט ־עַל פִּי דִין] נַא דִיר דֶעם גֶט, הַאלט אִיהם, בִּיז אִיך וועֶל דִיר זאָגעֶן... [דֶער רָב ווֶענְדֶט זִיךְ שׁוֹין צוּ עֶטְלֶען] גִיב אִיהם אָפּ דִי כְּתוּבָּה אָדעֶר זַיי אִיהם מוֹחֵל. טוּה אוֹיס דאָס פִינגעֶרעֶל, ס'זאָל נִיט זַיין קֵיין שׁוּם חֲצִיצָה, אוּנ דעֶר אַרבְּעֶל זאָל נִיט אָנרִיהרעֶן, דִי העֶנט הֵייבּ אוֹיף, אוּנ זאָלסט זַיי נִיט פַאר מאַכֶען, בִּיז אִיך ווֶעל דִיר זאָגעֶן... [צוּם עוֹלָם] ווֶער סעֶ האָט עֶפּעֶס אַ פְּסוּל אוֹיפְ'ן גֶט, זאָגט!...

דֶער עוֹלָם. [שְׁוַוייגְט מִיט שְׁטִיל שְׁוַוייגֶענֶעס].

דֶער רָב. דוּ מֹשֶׁה מָרְדְכַי בַּר אֶפְרַיִם מְנַשֶּׁה, הוֹיבּ אוֹיף דִי העֶנְדט העֶכֶער פוּן דַיין ווַייבּ.

מָאטֶ׳ל. [רוּקְט זִיךְ צוּ צוּ עֶטְלֶען אוּנ פַאר קוּקְט אִיהר אוּנְטֶערֶען טִיכָעל; בֵּיידֶע יוּנְגֶע כֶּעוְשֶׁען ווַיינֶען אוּנ שְׁלִינְגֶען דִי טְרֶערֶען].

דֶער רָב. דוּ, מֹשֶׁה מָרְדְכַי בַּר אֶפְרַיִם מְנַשֶּׁה, זאָג מִיר נאָך וואָרט אִין וואָרט, זאָג. „הֲרֵי זֶה גִיטֵּךְ"...

מָאטֶ׳ל. [עֶר וַוארְגְט זִיךְ] הֲרְרֵי זְזֶה גְגִיטֵּךְ!...

דֶער רָב. „וְהִתְקַבְּלִי גִיטֵּךְ"...

מָאטֶ׳ל. [מִיט אַ קְווִיטְשׁ] וְהִתְקַבְּלִי גִיטטֵּךְ!—

דֶער רָב. „וּבוֹ תִהְיִי מְגוּרֶשֶׁת..."

מָאטֶ׳ל. וּבוֹ תְהִי מְגגגגוּרֶשֶׁת!

דֶער רָב. „מִמֶּנִי מַעַכְשָׁיו"...

מָאטֶ׳ל. [מִיט אַ יָאהמֶערְלִיךְ גֶעוויין] מִמְמְמֶנִי מֵעַכְשָׁיו!

דֶער רָב. „וַהֲרֵי אַתְּ"...

מָאטֶ׳ל. וְחַלִיפֶעט ווִי אַ קְלֵיין קִינְד] !... !... וַהֲהֲרֵי אַתְּ! [דֶער גֶט פַאלְט פְּלִיצוּם אַרוֹיס פוּן זַיינֶע הֶענְט אוּנ מָאטֶ׳ל פַאלְט עֶטְלֶען אוֹיפְ'ן הַאלְז — אוּנ דָאס פָאר פָאלְק ווֶערְט אוּמְגֶערִיכְט צֶעגוֹיף גֶעגָאסֶען אִין אַ לַאנְגֶען הֵייסֶען, פְלַאם־פַייעֶרְדִיגֶען קוּשׁ]..................

..............................

דער עולם. [בלײַבט לכתחילה פאר שטוינט, אפהענגיג, אהן לשון, קוקען אײנער אויף דעם אנדערען און אלע צוזאמען אויף דעם רב.]

אי — א — נו — פע!...

דער רב. [אין אײניגע מינוט ארום] נו נו! א מעשה! א מעשה!
[קנײטשט מיט די פלײצעס] איך בין שוין דא ברוך השם
באלד זיבען און דרײַסיג יאהר רב און האב שוין אויף מײַן לעבען גענוג פארלעך אפ געגט, האט זיך מיר נאך אזא מעשה ניט פארלאפען! א מעשה! א מעשה! נו נו!!!

די רביצין. [קוקט ניט אויף קײנעם] מן־השמים! מסתמא איז דאך דאס א זיווג מן־השמים פון השם יתברך, ברוך הוא וברוך שמו...

ר׳ שלום שדכן. מזל טוב! ייִדען, זאגט מזל טוב, ייִדען! און שטעלט משקה שטעלט!

דער עולם. [אײנער דעם אנדערען] מזל־טוב! מזל־טוב! מזל־טוב!

דער סופר. ר׳ ראובן־הערש! ר׳ ראובן־הערש! שיקט נאך משקה, װעלען מיר טרינקען „לחיים".

דער עולם. נאך משקה! נאך משקה! יודעל, משקה ברײַנג צו טראגען!

יודעל דער שמש. אט גײ איך! אט לויף איך! װאס זאל איך ברײַנגען אויף צו פארבײַסען?

ר׳ שלום שדכן. ברײַנג קיכלעך ברײַנג, און הערינג ברײַנג, און אביסעל דארע קישקע אביסעל...

ראובן־הערש. [צו שלום שדכן] נו, ר׳ שלום! װאס האב איך אײַך געזאגט? איא? װער איז גערעכט, ר׳ שלום? הא ר׳ שלום? נא דיר נאר גט'ן זיך?!

ר׳ שלום. אבער מײַן בח"ש מײַנער? ר׳ ראובן־הערש! מיר קומט בח"ש מיר! א שדכן אז ער שטעהט אפילו פון דער זײַט א שדכן, קומט איהם שוין אויך שדכנות קומט

אִיהם! וואָס זאָגט אִיהר, ר' אָרֶקע, נִיט אַזוֹי, וואָס? עֶ ל עֶ ה יִי
אַ נייַעֶר שִׁידוּך עֶ ל עֶ ה יִי!... [צוּם שַׁמָשׁ] אוּנ פַאַרגעֶסט נִיט,
רֶבּ יוּדעֶל, דאַרעֶ קִישקעֶ, לְמַעַן־הַשֵׁם קִישקעֶ דאַרעֶ!

דֶער עוֹלָם. [אַסַף קוֹלוֹת] וואוּ אִיז אַהִינגעֶקוּמעֶן דאָס פּאָר־פֿאָלק? וואוּ זעֶנעֶן זֵיי? האָסט דוּ געֶהעֶרט אַ'אַקצִיעֶ? חאַ־חאַ־חאַ! אַ קאָמעֶדיעֶ! אַ רייַנעֶ קאָמעֶדיעֶ!

[הַאלְטָען זִיךְ בַּיי דִי זֵייטָען לַאכֶענְדִיג].

לֵוִי־בִּנְיָמִין. [צוּ מָאטְלֶען] מַזָל־טוֹב דִיר, מאָטעֶל! וועֶר ס'אִיז דִיר מְקַנֵא דעֶר זאָל אַלייַן נִיט האָבעֶן... אִיךְ האָב דִיר שׁוֹין פַאַרזאָרגט אוֹיף אייבִּיג... [צוּם עוֹלָם] אַ קאָמעֶדיעֶ זאָגט אִיהר? ס'אִיז טאַקִי צוּמאַכעֶן פוּן אייַך אַ קאָמעֶדיעֶ! ס'וועֶט זִיךְ געֶ־פִינעֶן אַזעֶלכעֶר וואָס וועֶט אייַך אַמאָל בּאַשרייַבּעֶן, מאַכעֶן פוּן אייַך אַ קאָמעֶדיעֶ...

שָׂרָה־חַנְצִי. [עֶרְשַׁיינְט פוּן יֶענֶער זַייט פָאהרְהַאנְג. צוּם מַאן]. רְאוּבֵן־הֶערְשׁ, דוּ העֶרסט? האָבּ אִיךְ דִיר געֶזאָגט אַז עֶר וועֶט אוּנז בּייַא שרייַבּעֶן אוֹיף דִי גאַזעֶטעֶן אָט דעֶר כָּלבּוֹנִיק!?

[בֶּעוַוייזְט מִיט דִי קוּלַאקֶעס אוֹיף לֵוִי בִּנְיָמִינֶען אוּנ אוֹיף מָאטְלֶען אוּנ לָאזְט זִיךְ צוּ דֶער טִיהר].

פ אָ ה ר ה אַ נ ג



קורצליך וועט ערשײַנען אין דער

# „גרויסער ביבליאָטעק“

1) אברהם רייזען: הומאָרעסקען.

2) אברהם רייזען: נאָוועלען:

3) ה. ד. נאָמבערג: שריפטען. 6-טער באַנד.

4) ה. ד. נאָמבערג: פובליציסטישע און קריטישע אַרטיקלען.

5) גי דע מאָפּאַסאַן. ערשטער באַנד.

6) אחד העם. ערשטער באַנד. איבערזעצט פון ש. צ. יאַצקאַן

7) פרעמד-ווערטער בוך. א. ב. ראָזענשטיין.

8) דאָס ליעדער-בוך. פסח קאַפּלאַן.

9) דאָרפישע עהרע. אָפּערא. פסח קאַפּלאַן.

10) די פּאַיאַצען. אָפּערא. פסח קאַפּלאַן.

Изд. „БИХЕРЪ-ФАРЪ-АЛЭ“, Варшава Долгая 11.

פערלאג
„ביכער־פאַר־אַלע"
װאַרשע, דלוגא 11.

# אַ דָאקְטָאר!

אַ שְׁפּאַס אין אײן אַקְט

פון

שלום עליכם.



פרייז 10 קאפּ.

װארשע.
1907.

№ 63—64.

דרוק „האור", נאָװאָליפּקי 6.

פערלאג „ביכער=פאר=אלע" ווארשע

# אַדָאקְטָאר!

אַ שְׁפַּאס אִין אֵיין אַקְט.

פון

## שלום עליכם.

פרייז 10 קאפ.



ווארשע.

תרס"ז.

# ДОКТОРА!

Комедія въ 1-мъ актѣ.

## Соч. Шаломъ-Алейхема.

Изданіе „БИХЕРЪ-ФАРЪ-АЛЭ".

ВАРШАВА.

Типографія „Гаоръ", Новинярская № 6.

1907.

# דִי פַּאַרְשׁוֹיגֶען:

חַיִים לֵיבּ קְרֶענְדֶעלְמַאן — אַן אוֹיפגעקומענער גביר פֿון אַ יאָהר 50, אַ ייִד מיִט אַ קאַפּאָטע, נאָר אָהן אַ היִטעל.

חַנָּה לֵיבֶּע — זיין ווַייבּ, קֵיין יאָהרען ווייסט מען ניִט... האַלט זיִך יונג, רייבּט זיִך צוויִשען „הײַנטיִגע“, בּעהאַנגען מיִט גאָלד, דיִמענטען, בּריִליאַנטען און פּעריִל.

וֶויעראָטְשְׁקֶע — זייער טעכטעריִל, אַ שעֵן מיידעל פֿון „הײַנ־טיִגער וועלט“.

אַבְרַאמְטְשִׁיק — זייער זוהן, אַ גײַציִג בָּחור, אַ „מַשְׂכִּיל“.

ר׳ שָׁלוֹם שַׁדְכָן — אַ ייִד אַ שדכן מיִט אַ יאַרמעלקע און מיִט אַ גריִנע קאַפּאָטע.

זְלַאטְקֶע דָאס מֵיידֶעל — אַ פּאָקאָיאָווע בּײַ די קרענדעלמאַנס.

בְּרַיינֶע די ייִדִינֶע — אַ קעכין בּײַ די קרענדעלמאַנס. אַ ייִדיִנע מיִט וואָנסעס.

---

(אַ גרויסער זאַל; טהײַער מעבּעל מיִט סאַמעט בּעצויגען גוטע דיִוואַנעס; בּראָנזענע שפּיִגלען; אַ סך טיִשען מיִט קלײנע טיִשעלעך; גלעזערנע שאַפּעס אָנגעשטעלט מיִט פּיִעל זיִלבער, כּוסות, טעצעלעך, געגיִלטע־לעפֿעלעך, גריִנע און רויטע גלעזער; די פֿאַטעלען פֿאַרוואָרפֿען מיִט פּיִעל פֿערשיִדענע זײַדענע און סאַ־מעטענע דאַמען־קלײדער; אויפ׳ן טיִש אַ „בּלאַט, אָקשען״; אויפ׳ן פֿענסטער אַ גרויסע קופּערנע קוואָרט מיִט צוויי אויערען; פֿאַרטריִקענטע, נאָר טהײַערע וואַזאָנעס, אויף וועלכע עס הענגען אַ פּאָר אויסגעבּערשטעלטע הויזען מיִט אַ ווײַסען זשיִלעט; אויף אַ גוטער עטאַזשערקע מיִט ספרים וואַלגערען זיִך אַ סך אָנגע־שניִטענע שטיִקלעך קוילעטש מיִט אַ סלאָי אײַנגעמאַכטס. אויפ׳ן פֿאָרטעפּיאַן אַ קיִשען. דורך — אַ זעלטענער „פּאָראָנדעק״).

# ערשטע סצענע.

חיים לייב (מאכט מיט די הענד און לויפט ארום איבער דער שטוב). וואס דולט ער מיר מיין קאפ?

ר' שלום שדכן (לויפט איהם נאך מיט א בריעף אין די הענד). נאם, זעהט אליין, וואס מע שרייבט מיר וואס; איך וועל אייך אפנארען וועל איך אייך?

חיים לייב. אבער אז איך בעט אייך ניט! איך דארף ניט קיין שדוך! איך וויל ניט! וואס דולט ער מיר מיין קאפ?

ר' שלום שדכן. אז איך פערלאנג אבער פון אייך גאר ניט, בלתי וואס איהר זאלט זיך נאר מטריח זיין איבערלייענען אט דאס דאזיגע בריוועלע, וואס מע שרייבט מיר וואס.

חיים לייב. וואס האט איהר צו מיר? אבער טשעפעט זיך אפ פון מיין לעבען! איך האב קיין צייט נישט מיט אייך צו רעדען; איהר וועט קומען אנ'אנדערס מאל; איך בעט אייך? וואס דולט ער מיר מיין קאפ?

ר' שלום שדכן (צו זיך אליין). עס פאסט איהם ניט הארכען פאסט איהם ניט... ער וויל ניט געבען קיין גרן, דער דבר־אחר!... (צו חיים'ן:) הונדערט און צוואנציג יאהר זאלט איהר מיר לעבען! עטליכע שורות, עטליכע ווערטער, געצעהלטע דריי ווערטער, ר' חיים סערדצע, וואס ארט אייך עס וואס? טהוט מיר צו ליעב טהוט מיר! גלויבט מיר, איך זאג אייך בנאמנות זאג איך אייך, ס'איז א גליק, א זעלטענע זאך, כ'לעבען, איין מאהל אין צעהן יאהר מאכט זיך אזא גליק, נאט, טהוט זייט מוחל א קוק אליין מיט אייערע אויגען, זעהט, אטא...

חַיִּים לֵיבּ (האפט זיך מיטביידע הענד פאר׳ן קאפ). גוואַלד! גוואַלד! וואָס איז דאָס פאַר אַנ׳אומגליק? וואָס איז דאָס פאַר אַנ׳אָנשיקעניש אויף מיר? וואָס דולט עֶר מיר מײַן קאָפּ? גוואלד!... גוואַלד!... גוואַלד!... (עס לויפט אריין חנה לאה).

## צְוֵויטֶע סְצֶענֶע.

חַנָּה לֵאָה (אדערשראקענע). שאַ! וואָס איז דאָרטען?

חַיִּים לֵיבּ (וויל רעדען, לאזט איהם ניט ר׳ שלום שדכן. ער האלט איהם צו מיט איין האנד דאס מויל, אונ אין דער אנדערער האלט ער דאס בריוויל). ממממ...

ר׳ שָׁלוֹם שַׁדְכָן. פאַרשטעהט איהר מיך, חַנָּה לֵאָה קרוין, געזונד זאָלט איהר מיר זײַן, איך וויז זײַ דאָס בריוויל ווײַז איך זײַ; לְמַאי זאָלען מיר זיך נאַרען לְמַאי? איך מײַן טאַקי בֶּאֱמֶת מײַן איך, אַ גליק, אַ גליק פאַר אײַער טאָכטער, איך זאָל אַזוי געזונד זײַן מיט אײַך אינאײנעם! אָט נעהמט נאַט, לײַענט, לײַענט וועט איהר זעהען, אַז איך זאָג אײַך ניט קײַן ליגען זאָג איך אײַך, צו וואָס טויג עס מיר איך זאָל אײַך אַרײַנפיהרען חָלִילָה זאָל איך אײַך? אָט זעהט, נאַט, לײַענט, נאַט, נאַט...

חַנָּה לֵאָה (נעהמט דאס בריוויל אונ גיט דאס איבער דעם מאן אין די הענד אריין). פאַר וואָס זאָלסט דו דאָס טאַקי ניט איבערלײַענען, חַיִּים לֵיבּ? וואָס אַרט דאָס דיך? עס קאָסט דיך געלד, צי וואָס?

חַיִּים לֵיבּ (נעהמט דאס בריוויל; טהוט אן א פאר זילבערנע ברילען אויף דעל נאז; זעצט זיך אנידער אונ הויבט אן צו לייענען הויך, אויף א קול. חנה לאה זעצט זיך נעבען איהם, אונ ר׳ שלום שדכן שטעהט אין שאקעלט צו מיט׳ן קאפ נאך יעדען ווארט אונ מאכט מיט די ליפען; עס קומט איהם צו א שטיק געזונד). „לִכְבוֹד יְדִידִי הַיָּקָר הַנִּכְבָּד וְהַמּוּפְלָג הַנָּגִיד וְהַקָּצִין אִישׁ חָסִיד וִירֵא שָׁמַיִם כש״ת מוהר״ר שָׁלוֹם נ״י! רֵאשִׁית אוֹדִיעֲכֶם, אַז איך בין ב״ה בְּקַו הַחַיִּים וְהַשָּׁלוֹם, געבּ גאָט דאָס

נעמליכֿע פֿון אײַך צו הערען אויף ווײַטער ניט ערגער אָמֵן.
וְהַשֵּׁנִית זײַט וויסען, אַז הַשִׁדוּךְ עם הַגְבִיר שֶׁלָכֶם, וואָס איהר האָט מיר געהאַט געשריבען, וְעם הַגְבִיר שֶׁלָנוּ, האָב איך מוֹרָא וועט ניט געהן, מַחֲמַת ערשטענס האָט איהר מִסְתָּמָא געהערט די מַעֲשֶׂה, וואָס האָט זיך געטראָפֿען מיט'ן מְחוּתָּן שֶׁל הַגְבִיר שֶׁלָנוּ, וואָס זײַן עלטערע טאָכֿטער האָט זיך..." צו וואָס טויג עס מיר? צו וואָס דאַרף איך עס וויסען?

ר' שָׁלוֹם שַׁדְכָן (חאַפּט איהם ביי דער האַנד). וואָס אַרט עס אײַך וואָס? לײענט, וועט איהר זעהן ווײַטער, וועט איהר זעהן.

חַנָה לֵאָה. אַנוּ? לײַען, לײַען, וואָס האָט זיך דאָס אַזעלכֿס געטראָפֿען מיט איהר? עס קעהר זײַן אַ שענע מַעֲשֶׂה.

חַיִים לֵיב (לייענט ווייטער). „... זײַן עלטערע טאָכֿטער האָט זיך אָקלעפּעט, רַחֲמָנָא לִיצְלַן, אין אַ לעהרער און איז מיט איהם מְחִילָה אַנטלאָפֿען אין אַ שטאָדט אַרײַן און האָט דאָרט געוואָלט שטעלען אַ חוּפָּה, איז ער געקומען מיט זײַן פְּלוֹנִית'טע צום רַב שטעלען אַ חוּפָּה. האָט איהם דער רַב מִסְתָּמָא נישט געוואָלט געבען קײַן חוּפָּה וְקִדוּשִׁין, איז ער אַוועקגעגאַנגען צום קאַזיאָנע רַב שטעלען אַחוּפָּה, האָט איהם דער קאַזיאָנער רַב געזאָגט"... וואָס קעהר זיך דאָס אָן מיט אונז, איך בעט אײַך?...

ר' שָׁלוֹם שַׁדְכָן. וואָס אַרט אײַך וואָס? אָט לײַענט ווײַטער, לײַענט!

חַנָה לֵאָה. נו, מֵילָא, לײַען שוין אַז דו לײַענסט.

חַיִים לֵיב (רויט ווי פייער פאר כעס, לייענט ווייטער). „... האָט איהם דער קאַזיאָנע רַב געזאָגט: וואָס ווילט איהר? האָט ער איהם געזאָגט, איך וויל, איהר זאָלט מיר געבען חוּפָּה וְקִדוּשִׁין, האָט איהם דער קאַזיאָנער רַב געזאָגט, וואָס הײַסט איך זאָל אײַך געבען חוּפָּה וְקִדוּשִׁין? איך קען אײַך? האָט ער איהם געזאָגט... האָט איהם דער קאַזיאָנער רַב געזאָגט... האָט ער איהם געזאָגט..." טפֿו! זאָלט איהר ווערען! „האָט איהם „ער" געזאָגט! האָט ער

„איהם" געזאָגט!" צו וואָס טויגען מיר די אַלע זאָגאַכצען? וואָס ווילט איהר האָבען פֿון מיינע יאָהר אונ טעג? (ער מהוט א שמיץ דאס בריוויל אונ וויל אנטלויפען; ר' שלום שדכן לאזט איהם ניט, ער האלט איהם צו ביי דער האנד אונ נעהמט אליין לייענען דאס בריוועל).

ר' שָלוֹם שַדְכָן (לייענט גיך אונ פארהלינעט זיך)... „אי־אי־אי־אָט דאָס האָט איהר פֿון היינטיגע לעהרערס מיט היינטיגע דאָקטוירים... על כל פנים... יאָ... איז הגביר שלנו ניט קיין מחותן, פאר הגביר שלכם; על כן האָב איך אַ בעסערען, אַ שענערען, אַ פיינערען אונ אַ גרעסערען שידוך בעבור הגביר שלכם אין אַלע אופנים, היינו: עס איז דאָ אין דער שטאָדט ליפעוועץ זעהער אַ פיינע אַלמנה מרת ביילה שתחי', ביילה גאָלדשפינער, אונ הגם זי איז ניט אַזוי רייך, ווי הגביר שלכם, דערפֿאַר שטאַמט זי אָבער פֿון גאָר אַ הויך אָרט, פֿון ר' פּנְחָס'ל ליפעוויצער, אונ איבער־הויפּט וואָס זי האָט אַ זוהן, אַ בֶּן־יָחִיד, איין אַנטיקעל, וואָס מען קריגט דאָס ניט בְּכָל קַצְוֵי אֶרֶץ, הַיְינוּ שען, פיין, שרעקליך גע־בילדעט מיט סַכָּנוֹת נְפָשׁוֹת! אַ געשטודירטער, פֿאַרשטעהט איהר מיך, אויף אַלע לְשוֹנוֹת, געבילדעט כִּמְעַט ווי אַ דאָקטאָר, אונ אֶפּשר נאָך מעהר ווי אַ דאָקטאָר, פֿאַרשטעקען אַלע דאָקטוירים אין גאַרטיל"... (צו חנה לאה'ן). נו? וואָס וועט איהר עפּיס זאָגען אויפ'ן שדוך? איהר זעהט דאָך ווי זאָגט מען, קיין עין הרע, אַ קלוגע יידיגע אַ חָכְמָה...

חַנָּה לֵאָה (דרעהט מיט דער נאז). ניין, ניט דאָס מיינען מיר.

חַיִים לֵייב. ניט דאָס האָבען מיר געמיינט.

ר' שָלוֹם שַדְכָן (צו זיך:) אָט האָסט דו דיר! דהויב זיך אָן מיט די אויפגעקומענע נגידים! דאָס טעלערל פֿונ'ם הימעל איז זיי קאַרג! (צו זיי ביידען:) וואָס דען האָט איהר געוואָלט וואָס?

חַנָּה לֵאָה. מיר האָבען געוואָלט ס'זאָל זיין עפּיס... עפּיס... אַזעלכעס וואָס... אַנ'אַנטיק!

חַיִים לֵייב. עפּעס אַנ'אַנטיקעל זאָל זיין!

ר׳ שָׁלוֹם שַׁדְכָן. פַאר צעֶהנטויזעֶנד ווִילט אִיהר האַנדלעֶן מְצִיאות ווִילט אִיהר?

חַנָה לֵאָה. צעֶהנטויזעֶנד? צוואַנציִג טויזעֶנד!

חַיִים לֵייבּ. צוואַנציִג טויזעֶנד? צעֶהן טויזעֶנד!

ר׳ שָׁלוֹם שַׁדְכָן (צו זיך:) היינט דעֶרגעֶה אַטאָלק! צעֶהן טויזעֶנד, צוואַנציִג טויזעֶנד! צוואַנציִג טויזעֶנד–צעֶהן טויזעֶנד!

חַנָה לֵאָה (הויך). אַז מעֶ זאָגט אייך צוואַנציִג טויזעֶנד, איִז צוואַנציִג טויזעֶנד!

ר׳ שָׁלוֹם שַׁדְכָן. צוואַנציִג טויזעֶנד!

חַיִים לֵייבּ (הויך). אַז מעֶ זאָגט אייך צעֶהן טויזעֶנד, איִז צעֶהן טויזעֶנד!

רֶבּ שָׁלוֹם שַׁדְכָן. צעֶהן טויזעֶנד!

חַנָה לֵאָה (נאָך העכער). צוואַנציִג טויזעֶנד!

רֶבּ שָׁלוֹם שַׁדְכָן. צוואַנציִג טויזעֶנד!

חַיִים לֵייבּ (נאָך העכער). צעֶהן טויזעֶנד!

רֶבּ שָׁלוֹם שַׁדְכָן. צעֶהן טויזעֶנד! (צו זיך:) דול׳ אונ מְשוּגָע קאָן מעֶן פוּן זיי ווערעֶן! (עס קומט אן א בראמטשיק מיט א פאק ביכער אונטער די הענד, געהט צו דער שאפע).

## דְרִיטֶע סְצֶענֶע.

חַיִים לֵייבּ. פוּן וואַנעֶן קומט-דאָס אָן אַזאַ ייד ווִי דו?

אַבְּרַאמְטְשִׁיק (קוקט נישט אויף קיינעם). אַזאַ ייד ווִי איך קומט אָן פוּן דער ביִבּלאָטעֶקעֶ... פוּי! אַ היִטץ! (דערזעהט ר׳ שלום שדכן). אַ? רֶבּ שַׁדְכָן? וואָס טהוט איהר דאָ? ווידעֶר אַ שִׁדוּך? ווִידעֶ שִׁדוּכִים? גוואַלד, ביִז וואַנעֶן ווערט איהר האַנדלעֶן מיִט לעֶבּעֶדיגעֶ מעֶנשעֶן? ביִז ווִי לאַנג ווערט איהר פאַרקויפעֶן כַּלות מיִט חֲתָנִים? איהר זעֶנט דאָך עֶרגעֶר פוּן אַזיאַטעֶן, ווִילדעֶ מעֶנשעֶן, דעֶספּאָטעֶן!

חַיִים לֵייבּ (לייגט צו אנ׳אויער, קוקט אויפ׳ן שדכן מיט גרויס גדלות). האַ, וואָס האָסט דו געֶזאָגט?

רֶב שָׁלוֹם שַׁדְכָן. וואָס האָסט דו געזאָגט וואָס?

אַבְרַאמְטְשִׁיק. אַז איך וועל אײַך זאָגען, וועט איהר שוין וויסען?

הַנָה לֵאָה. פאַר וואָס ניט? רֶב שָׁלוֹם זענען דען אַזאַ בְּהֵמָה?

אַבְרַאמְטְשִׁיק. ווער זאָגט דען אַז ער איז אַ „בְּהֵמָה"? איך זאָג נאָר, אַז ער ווייסט ניט, ווײַל ס'איז אַ „אינאָסטראַנע" וואָרט.

רֶב שָׁלוֹם שַׁדְכָן. אַ וואָסער אַ וואָרט זאָגסט דו?

אַבְרַאמְטְשִׁיק (בייגט זיך צו רב שלום שדכן). אינאָסטראַנע, ווייסט איהר שוין? אינאָסטראַנאָיע סלאָווא!

רֶב שָׁלוֹם שַׁדְכָן (פינטעלט מיט די אויגען). אַהאַ! (פאטער און מוטער קוועלען).

אַבְרַאמְטְשִׁיק. אַהאַ? וואָס אַהאַ? אַ ייד זאָגט דיר באַלד „אַהאַ"!

רֶב שָׁלוֹם שַׁדְכָן. איך מיין דאָס וואָרט מיין איך, הייסט אַפָּנִים אַזאַ וואָרט, וואָס דער פְּשַׁט איז דערפון (ער מאכט מיט די פינגער...). ע–ע–ע...

אַבְרַאמְטְשִׁיק (האפט זיך מיט ביידע הענד ביים בויך). חאַ–חאַ–חאַ! אוי, פאַנאַטיקער! אוי, פאַנאַטיזמוס! אוי חֲסִידיזמוס! אינאָסטראַנע ווערטער ווערען אָנגערופען פרעמדע ווערטער, ווערטער פון פרעמדע שפראַך, לְמָשָׁל דעספּאָט–„דעספּאָטען"; פון וואַנען נעהמט זיך דאָס, ווייסט איהר?

רֶב שָׁלוֹם שַׁדְכָן. אַדְרַבָּה פון וואַנען, אַדְרַבָּה? איך בין אַ ייד אַ פּראָסטער בין איך, און די שקאָלעס האָב איך ניט געלערענט אונז און די אוניווערסטוטען בין איך ניט געגאַנגען... גיב מיר נאָר אַ פּאַפּיראָס גיב מיר (נעהמט ביי איהם א פאפיראס).

אַבְרַאמְטְשִׁיק (מיט גדלות). דאָס וואָרט דעספּאָט נעהמט זיך פון דעספּאָטיזמוס... היינט ווייסט איהר שוין?

רֶב שָׁלוֹם שַׁדְכָן (שאקעלט מיט'ן קאפ). אַזוי כְּס!... וואָס זשע הייסט דאָס „דעספּאָטיזמאַ"?

אַבְרַאמְטְשִׁיק. דעֶספּאָטיִזם איִז דאָס זעֶלבּעֶ וואָס דעֶספּאָט.

רֶב שָׁלוֹם שַׁדְכָן. אַהאַ, אויב אַזוֹי וויֵיס איִך שׁוֹין! אֶפְשָׁר האָסט דוּ אַ שוועֶבּעֶלעֶ? (נעהמט ביי איהם א שוועבעלע). וואָס זשעֶ הייֵסט דאָס דעֶספּאָט? (פּיפּקעט דעם פּאפּיראס). אַדְרַבָּה מאַך מיִך קלאָר אַדְרַבָּה!

אַבְרַאמְטְשִׁיק. אַ דעֶספּאָט הייֵסט אַזאַ מעֶנש, וואָס פיִהרט זיִך דעֶספּאָטיִש, אונ שׁוֹין!

רֶב שָׁלוֹם שַׁדְכָן. איִך פעֶרשטעֶה, איִך פעֶרשטעֶה! (רויכערט דעם פּאפּיראס אונ בלאזט מיט די ליפּען). איִז וואָס זשעֶ הייֵסט דאָס דעֶספּאָטיִש?

אַבְרַאמְטְשִׁיק. דעֶספּאָטיִש הייֵסט, אַז עֶר פיִהרט זיִך ווי אַ דעֶספּאָט, אונ אַ דעֶספּאָט הייֵסט אַ טיִראַן, דעֶספּאָט אונ טיִראַן איִז כִּמְעַט אַלץ אייִנס, אונ לאָזט מיִך צוּרוּה! (קוקט אין די ביכלעך אריין אונ מישט בלעטלעך).

רֶב שָׁלוֹם שַׁדְכָן. איִך פעֶרשטעֶה שׁוֹין, איִך פעֶרשטעֶה שׁוֹין, עֶס הייֵסט דעֶר שׁרֶשׁ דעֶרפוּן איִז אַזוֹי; נאָר דעֶר פְּשַׁט איִז אַנ'אַנדעֶרעֶר; עַל פִּי דִקְדוּק הייֵסט עֶס (מאכט מיט די פינגער). זאָג זשעֶ מיִר, אַבראַמטשיִק, זאָלסט מיִר געֶזוּנד זייַן זאָלסט דוּ מיִר, פוּן וואָסעֶר אַ שפּראַך נעֶהמט זיִך דאָס דאָזיִגעֶ וואָרט פוּן וואָסעֶרעֶ? פוּן דייַטשעֶס, צי פוּן פראַנטשעֶיזישעֶס?

אַבְרַאמְטְשִׁיק (קוקט אין ביכעל אריין). הא? דעֶספּאָטיִזמוּס? פוּן לאַטייַן.

רֶב שָׁלוֹם שַׁדְכָן. אַזוֹי? טצ-טצ-טצ! אַזש פוּן לעֶטייַן. (צו ר' חיים לייב'ן מיט זיין ווייב). אָ? זעֶהט איִהר? אָט דאָס הייַסט געֶקעֶנט שפּראַך אָט דאָס! אָט דאָס הייֵסט הייַנטיִגעֶ וועֶלט אָט דאָס! איִן אוּנזעֶרעֶ יאָהרעֶן, ר' חיים לייַב, האָבּעֶן מיִר עֶפּיִס אַסך געֶוואוּסט פוּן אַ שפּראַך מיִט אַ לעֶטייַן? האַ? (דער פאטער מיט דער מוטער קוועלען).

אַבְרַאמְטְשִׁיק (קוקט פון אויבען אראפּ). וואָס איִז דעֶר חָתָן אייעֶרעֶר, וואָס איִהר רעֶדט מייַן שוועֶסטעֶר: אַ דאָקטעֶר מעֶדיצין,

צי אַ יוריסט ? צי אֶפשר גאָר אַ אינזשענער טעכנאָלאָג ?

רֶב שָׁלוֹם שַׁדְכָן (בלאזט דעם פאפיראס) . נישט דאָס אונ נישט יענץ. אונ נישט גאָר נישט .

אַבְרַאמְטְשִׁיק. נישט דאָס אונ נישט יענץ אונ נישט גאָר נישט ? טאָ וואָס דען איז ער ? אַ קופּטשיק ? אַ טונעיאַדעץ ?

רֶב שָׁלוֹם שַׁדְכָן. חס וחלילה ! ער איז אַ גביריש קינד, וואָס איז שיך אַ קענער , אַ מוראָדיגער קענער , לשונות מיט שפּראַך, מיט יודיש מיט רוסיש מיט דייטש מיט פראַנצויז , מיט סכנות נפשות !

אַבְרַאמְטְשִׁיק. זענט איהר דאָס דער מבין ? גוטע יאָהרען ! אומזיסט אייער טרחה ! מיין שוועסטער וועט ניט נעהמען קיינעם, אַ חוץ אַ דאָקטאָר , אונ דוקא אַ דאָקטאָר מעדיצין .

חַיִם לֵייב . ווער פרעגט דיך ? וואָס ביזט דו פאַר אַ מחותן אַהער אויף זאָגען דעות ?

אַבְרַאמְטְשִׁיק. וואָרום אַזוי ; איך ווייס, אַז וויעראָטשקע וועט נישט נעהמען קיין אַנדער חתן , אַ חוץ אַ דאָקטאָר מעדעצין .

חַיִם לֵייב . יאָ . אָבער וואָס ביזט דו פאַר אַ שילאַטענשַמש ? דיין געשעפט איז ביכער און ביכלעך, געה געזונדערהייד !

הֶנָה לֵאָה (שטעלט זיך איין). וואָס אַרט דיך אַז דאָס קינד רעד ?

חַיִם לֵייב . איך האָב פיינט אַנ'עזות פנים ! ס'איז ניט זיין באָבעס דאגה !

אַבְרַאמְטְשִׁיק (לאזט זיך געהן , בלייבט שטעהן אויף א ווייל אין א טראגישער פאזע , שאקעלעט מיט'ן קאפ אונ רעדט צו זיך אליין) : אָ דעספּאָטיזמוס, פאַנאַטיזמוס , חסידיזמוס, אָבסקוראַנטיזמוס ! . . . (געהט אוועק . דער פאטער אונ די מוטער קווינלען) .

# פֶּערְטֶע סְצֶענֶע.

רֶב שָׁלוֹם שַׁדְכָן. אָט דאָס הייסט אַ מושלם! אָט דאָס הייסט געקאָנט אָט דאָס! הקצור איז ווי אַזוי בלייבט דאָס ווי אַזוי? איהר האָט מיר פֿאַרשלאָגען די פּאָמערקעס האָט איהר מיר... יאָ! קלאָפּ איך הייסט עס אַוועק אַ דעפּעש אָדער איך שרייב אריין אַנ'אָטקריטקע צו מיין שותּף וועגען דעם דאָזיגען שדוך, אַ ז...

חַנָה לֵאָה (שלאגט איהם איבער). זייט זיך ניט מטריח, קלאַפּט ניט קיין דעפּעשען און שרייבט ניט קיין אָטקריטקעס, דער שדוך איז ניט פֿאַר אונז.

חַיִים לֵייבּ. ס'איז ניט פאַר אונז דער שדוך.

רֶב שָׁלוֹם שַׁדְכָן. פאַר וואָס איז?

חַנָה לֵאָה. דערפאַר וואָס מיר ווילען אַ דאָקטאָר. היינט ווייסט איהר שוין? איין מאָל פאַר אַלע מאָל, אַ דאָקטאָר.

רֶב שָׁלוֹם שַׁדְכָן. אַ דאָקטאָר? מילא אויך די אייגענע מעשה, איהר זאָגט אַ דאָקטאָר? לאָז זיין אַ דאָקטאָר לאָז זיין.

חַיִים לֵייבּ (צו חנה'ן). אַ דאָקטאָר? אַנדערש לוינט דיר ניט?

חַנָה לֵאָה. אַנדערש לוינט מיר ניט.

חַיִים לֵייבּ, נו, וויל איך דוקא אַ סוחר. איך האָב דיר וויפּיעל מאָל געזאָגט, אַז איך וויל נעהמען אַ סוחר ניט קיין דאָקטאָר! אַ טייערע מציאה אַ „יאָקטער"! ער האָט געשטודירט און געשטודירט, קוים אויסגעשטודירט - און פון דעסטוועגען ווער קומט צו ועמען, אַז עס טהוט איהם וועה דער בויך? ווער נעהמט ביי וועמען אַ קערבעל? איך ביי איהם, צי ער ביי מיר? ניין, אַדרבה, זאָגט שוין איהר אַליין, רב שלום! הקצור איך נעהם ניט פאַר מיין טאָכטער קיין דאָקטאָר! איך נעהם איהר אַ סוחר! פֿאַרשרייבט אייך, רב שלום, אַ סוחר!

ר' שָׁלוֹם שַׁדְכָן. אַ סוחר? מײַלא אויך די אײנגענע מעשה איהר זאָגט אַ סוחר? לאָז זײַן אַ סוחר לאָז זײַן.

חַנָה לֵאָה. איז דוקאָ ווײַל דו ווילסט אַ סוחר וויל איך אַ דאָקטאָר!

ר' שָׁלוֹם שַׁדְכָן. אַ דאָקטאָר.

ר' חַיִים לֵיב (הויך). איהר הערט, רב שלום, אַ סוחר!

ר' שָׁלוֹם שַׁדְכָן. אַ סוחר.

חַנָה לֵאָה (הויך). אַ דאָקטאָר!

ר' שָׁלוֹם שַׁדְכָן. אַ דאָקטאָר.

חַיִים לֵיב (נאך העכער). אַ סוחר!

ר' שָׁלוֹם שַׁדְכָן. אַ סוחר.

חַנָה לֵאָה (נאך העכער). אַ דאָקטאָר!

ר' שָׁלוֹם שַׁדְכָן (צו זיך). משוגע צו ווערען פון זײ (צו זיי ביידען.) ווײַסט איהר גאָר וואָס? איך וועל אײך געבען אַ סוחר וועל איך אײך געבען אַזעלכען וואָס הײַלט, אָדער אַ דאָקטאָר וואָס האַנדעלט, אונ לאָז דאָס האָבען אַנ'עק לאָז דאָס, אונ הײַסט עפּעס דערלאַנגען צום טיש, דורכשווײַנקען דעם גאָרגעל, טרוקען געוואָרען אין האַלז רעדענדיג מיט אײך אונ מאַקי...

(חנה לאה טהוט א קלונג, מע טראגט אריין לעקעך אונ בראנפען. עס קומט אן פון דער גאס וויעראטשקע מיט'ן היטעלע מיט'ן זאנטיקעל אונ מיט די הענטשקעליך).

## פּינפְטֶע סְצֶענֶע.

וויעראטשקע (צום שדכן). באָנזשור, מאָנסיע!

ר' שָׁלוֹם שַׁדְכָן. מע רופט מיך ר' שלום, ניט מאָסיע.

וויעראטשקע. חאַ-חאַ-חאַ! אָט אַ נעוועזשאַ! באָנזשור מאָנסיע הײַסט אַ גוט מאָרגען אײך, מײַן הערר.

ר' שָׁלוֹם שַׁדְכָן. אַ שענער גוט מאָרגען אויף איהר,

שוין באַלד נאַכט... אַ גוטען אָבענד זאָל דיר זיין! לחיים, רב לייב, לחיים, חנה לאה, נו! לאָז גאָט געבען ביי איהר צו דער חופּה.

וויעראָטשקע. חאַ־חאַ־חאַ! אָט אַ קאָמיק! וואָס טהוט איהר דאָ? אַלץ מכח חתנים? אומזיסט אַייער מיה, אומזיסט ברעכט איהר פּיס.

ר׳ שלום שדכן. די פּיס זענען מיינע ניט קיינעמס.

וויעראָטשקע (געהט אויס פאר געלעכטער). חאַ־חאַ־חאַ! חאַ־חאַ־האַ!

חנה לאה. וואָס לאַכסט דו אַזוי, טאָכטער?

חיים לייב. וואָס איז דער געלעכטער?

וויעראָטשקע (צו דער מוטער). אַ קאָמישעסקע פיגור! חאַ־חאַ־חאַ! פון וואַנען נעהמען זיך אַזעלכע נעוועזשרעס? וואָס טהוט דאָ ביי אייך דער שדכן?

חנה לאה. וואָס טהוט אַ שדכן? ער רעדט שדוכים.

וויעראָטשקע. וועמען רעדט ער דאָס שדוכים?

חיים לייב. וועמען? מיר!

חנה לאה. זיי רעדען דיר אַ חתן, וויעראָטשקע.

וויראָטשקע. וואָס הייסט ער רעדט מיר אַ חתן? אַ חתן דאַרף זיך רעדען אַליין. (טהוט אויס די הענטשקעלעך). וועכען אַ שטייגער רעדט ער מיר?

חנה לאה. זיי רעדען דיר אַ דאָקטאָר.

חיים לייב. אַ סוחר רעדט ער דיר.

חנה לאה (הויך). אַ דאָקטאָר ניט קיין סוחר! (ר׳ שלום שדכן רעדט נאך: „א דאקטאר״).

חיים לייב (הויך). אַ סוחר ניט קיין דאָקטאָר! (ר׳ שלום שדכן זאגט נאך: „א סוחר״).

חנה לאה (נאך העכער). אַדאָקטאָר! (רב שלום שדכן: „א דאקטאר״).

חיים לייב (נאך העכער). אַ סוחר! (רב שלום שדכן: „א סוחר״).

ר׳ שָׁלוֹם שַׁדְכָן (צו זיך). יאָ! עס הײבּט זיך שוין אָן אַ מרעִיאַטעֶר! (צו זײ:) שאַט! װײסט איהר גאָר װאָס? לאָמיר פּרעגען בּײַ איהר אַלײן לאָמיר. (צו װיערא׳ן). װאָס װילסט דו בּעסער, מײדעל, אַ סוחר, צי אַדאָקטאָר?

װיעראָטשקע. איהר זעֶנט אַ נאַחאַל!

ר׳ שָׁלוֹם שַׁדְכָן. אַ װאָס?

װיעראָטשקע. אַ נאַחאַל!

ר׳ שָׁלוֹם שַׁדְכָן. נײן, דו האָסט אַ טעוּת, מײדעל, איך בּין אַ שדכן בּין איך, ניט קײן נעחאַל, איז אויב דו װילסט קאָן איך דיר געבּען אויף אויסצוקלויבּען קאָן איך דיר, רב שלום שדכן האָט בּרוך השם געֶנוג. איך קאָן דיר געבּען אַ סוחרישען דאָקטאָר אָדער אַדאָקטאָרשען סוחר. די בּריוה איז בּײַ דיר די בּרירה.

װיעֶראָטשקע (קײכט פאר געלעכטער). חאַ-חאַ-חאַ! אַ סוחרישער דאָקטאָר אָדער אַדאָקטאָרשער סוחר! חאַ-חאַ-חאַ!...

ר׳ שָׁלוֹם שַׁדְכָן (צו זיך). דאָס מײדעל איז מיר עפּעס פּרײליך דאָס מײדעל... (צו זײ). לחיים, רב חיים לײבּ! לחיים, חנה לאה, נו! לאָז גאָט געֶבּען אין גיכען צו דער חופּה!...

חַנָה לֵאָה. װאָס שװײגסט דו, טאָכטער? זאָג איהם, דעם טאַטען דײנעם, דעם טיראַן, דעם דעספּאָט, אַז דו װעסט נעהמען אַ דאָקטאָר, ניט קײן סוחר! (רב שלום שדכן זאָגט נאָך: „אַ דאָקטאָר ניט קײן סוחר״).

חַיִים לֵייבּ. אַ סוחר װעט זי נעהמען, ניט קײן דאָקטאָר! (רב שלום שדכן זאָגט נאָך: „אַ סוחר ניט קײן דאָקטאָר״).

חַנָה לֵאָה (הויך). אַ דאָקטאָר! (רב שלום שדכן זאָגט נאָך: „אַ דאָקטאָר״).

חַיִים לֵייבּ (הויך). אַ סוחר! (רב שלום שדכן זאָגט נאָך: „אַ סוחר״).

חַנָה לֵאָה (אַטוּם מיט׳ן פּיס). אַ דאָקטאָר! אַ דאָקטאָר!

אַ דאָקטאָר ! (רב שלום שדכן זאגט נאך :) אַ דאָקטאָר ! אַ דאָקטאָר ! אַ דאָקטאָר ! לחיים, רב חיים לייב ! לחיים, חנה לאהניו !

וויעראטשקע (קאטשעט זיך פאר געלעכטער) . חאַ-חאַ-חאַ . אַ דאָקטאָר ! אַ דאָקטאָר ! אַ דאָקטאָר ! (פון יענער זייט וואנד הערט זיך אקול פון אבראמטשיקען : „א דאקטאר ! א דאקטאר ! א דאקטאר !" — עס עפענט זיך די קעכטהיר אונ עס לויפט אריין אנ׳איבערגעשראקענע זלאטקע דאס דינסטמיידעל מיט א האנדטוך אונ מיט א פלעדערוויש, אונ נאך איהר ברייגע די יודינע מיט א האנטשערקע אונ מיט א ראהאטש) .

# זעקסטע סצענע.

זְלַאטְקֶע דָאס מֵיידְעל. אַ דאָקטאָר ? ווּעמֶען אִיז אַ דאָקטאָר ? ווּעלכֶען דאָקטאָר ? אֶט לויף איך ברייננגען דעֶם דאָקטאָר !

בְּרַיינֶע דִי יוּדִינֶע. אַ מַכָּה איז מִיר אַ גרויסע ! אַ דונער האָט מיך דערשלאָגען ! וואָס איז דאָ ? מע חַלֶשט ? ווער חַלֶשט ? פאַר וועמען דאַרף מען דאָס דעֶם דאָקטאָר ? (וויעראטשקע הערט ניט אויף צו קאטשען זיך פאר געלעכטער) .

חַנָה לֵאָה (לאזט זיך צו די דינסטען מיט ביידע קולאקעס) . אַ בֵּייזער ! אַ ווּיסטער ! אַ פינסטערער חלום צו אייער קאָפּ אונ צו אייער הענט אונ פיס ! וואָן שלימַזלען ! ארוים פון דאַנען, הראַנקעס ! חצופות ! (ביידע דינסטען לאזען זיך צו דער טהיר, באגעגענען זיך מיט רב שלום שדכן, צעבוצקען זיך מיט די נעז) .

רֶב שָׁלוֹם שַׁדְכָן. ביי עֶפּעֶס וואָס, קאָן מען דאָ האַפּען צווישען יאָ אונ ניין אַפּאָר פּעֶטש קאָן מען . . . אַ שטוב פון גאָלע משוגעים, כלעבען . . . זייא דאַרפען אַלע אַ דאָקטאָר דאַרפען זיי . . . ווי אין לעבען אַריין אַ דאָקטאָר !

# פָּארְהַאנְג.